# זייט איר באַליבט צווישן מענטשן?

צען גייסטיגע פעלערן פון וועלכע מענטשן ליידן
געזעלשאַפטליך, ערפאָלגרייך באַזייטיגט



אַנאַליזירט און באַהאַנדלט

— פון —

לאַזאַרוס מאַנפריד



„צען געבאָט פאַר אַ שענערער מענטשהייט"


פאַרלאַג: בוכפאָלק

Bookfolk Publishing Co., New York

אַ „גייסטיגער שפּיגל״ פאַר
אייער גייסטיגן אויסזען...

# אינהאַלט

# פון די אַרויסגעבער

מיר האָבן דעם כבוד דאָ אַרויסצוגעבן אַ קליין ווערק, אָבער גרויס אין זיין גייסט און פאַרנעם, פון דעם חשוב'ן שריפטשטעלער, לאַזאַרוס מאָנפריד, וועמעס ווערק, „פרייליכקייטן" און „אונטער איין דאַך", מיר האָבן ביז איצט אַרויסגעגעבן — און שטאָלצירן דערמיט.

די איצטיגע אויסגאַבע — ווי דער לייענער וועט אַליין איינזען — איז ניט נאָר העכסט אינטערעסאַנט אַלס לייען־שטאָף, נאָר באַהאַנדלט אַן ענין, וואָס איז פון גרויס וויכטיגקייט און נוצן פאַר יעדן מענטשן. כמעט קיינער פון אונז איז ניט אינגאַנצן ריין פון וועלכער עס איז „שוואַכקייט" אָדער שלעכטע געוווינהייט אין אונזער אויפפירונג און אַל־טעגליכע באַציאונגען מיט מענטשן, וואָס טוט ניט קיין גוטעס, ניט אונז און ניט אונזערע מיטמענטשן.

דאָס ביכעלע „זייט איר באַליבט צווישן מענטשן?" שטרעבט אַזעלכע פעלערן צו אַנולירן און באַזייטיגן אויף אַ זייער אינטימען, אָפנהערציגן שטייגער. די, וועלכע וועלן האָבן די געהעריגע נוצן דערפון, וועלן, האָפנטליך, שטענדיג דאַנקבאַר זיין סײַ דעם פאַרפאַסער פון דעם זעלטענעם ווערק און סײַ די אַרויסגעבער.

**פאַרלאַג בוכפאָלק**

# אײנלײטונג

יעדער מענטש װיל זיך מאַכן געפעלן און באַליבט צװישן מענטשן; יעדער אײנער װיל מען זאָל האַלטן פון אים, רעספּעקטירן אים, און שעצן זײַן געזעלשאַפט.

האָט איר זיך דערװאָרבן אַזאַ צושטאַנד? זײַט איר באַגליקט מיט דער ליבע און אַכטונג פון אײַערע מיט־מענטשן? אויב ניט — פאַרװאָס?

אויב איר זײַט ערליך צו זיך אַלײן און איר פילט אַז עס איז אײַך שװער צו געבן דעם ריכטיקן ענטפער אויף דער פראַגע, װײַל איר זײַט ניט זיכער װי־אַזױ מענטשן פילן צו אײַך אין דער אמת'ן, באַטש זײ זײַנען אויבנאויף פרײַנטליך צו אײַך, טאָ פּרובירט עס פריער אויס אויף אַנדערע מענטשן. גיט אַ טראַכט פון די װעלכע איר קענט, שטעלט זײ אין אײַער לאַגע און זעט װי־אַזױ איר פילט צו זײ און װאָס איר דײנקט פון זײ.

איר װעט דאַן אײַנזען, אַז צװישן אײַערע פרײַנט אָדער באַקאַנטע געפינען זיך אַזעלכע װעמעס געזעלשאַפט איר װאָלט גיכער אויסמײַדן. געװיסע פעלערן אין זײער כאַראַקטער און האַלטונג, שלעכטע נײַגונגען און מיאוס'ע געװוינהײטן מאַכן זײ פאַר אומגעװוינטשט אָדער אַפילו אָפּשטויסנד צװישן מענטשן, כאָטש זײ אַלײן װײסן דאָס ניט, װײַל קײנער װיל זײ ניט באַ־לײדיקן אויפצוװײַזן זײערע גײַסטיקע פעלערן פאַר װעל־

כע מענטשן איגנאָרירן אָדער פאַראַכטן זיי.

זייט איר ניט (חלילה) אפשר איינער פון „יענע" מענטשן און איר ווייסט דאָס אויך ניט, פונקט ווי יענע ווייסן דאָס ניט?

אויב אַזוי, טאָ לאָמיר די זאַך גענוי אַנאַליזירן און זען וואָס מיר קענען טאָן פאַר אייך און פאַר אַלע אַנ־דערע וועלכע נויטיגן זיך אין אַזאַ גייסטיגער רעוויזיע, אַנאַליזירונג און באַהאַנדלונג.

# קערפּער און גייסט

דער מענטשליכער מין באַשטייט פון צוויי הויפּט עלעמענטן: 1) דער קערפּערליכער, וועלכער באַשטייט פון אַלע זיינע גלידער, פון זיין מוח ביז זיינע פוס־פינגער, און 2) דער גייסטיגער, וועלכער נעמט אַריין זיין געדאַנק, כאַראַקטער, שטימונג, טעמפּעראַמענט, גע־וויינהייטן א. אַז. וו. ווען מיר ווילן אויסנעמען צווישן מענטשן, מאַכן אַ גוטן איינדרוק און זיין אָנגענעם אין געזעלשאַפט — מיט וועלכן פון די צוויי עלעמענטן רעכענען מיר זיך און וועלכן באַהאַנדלען מיר כדי צו זיין ווילקאָמען אומעטום, מיט אונזער קערפּערליכן אָדער גייסטיגן?

איר וועט לאַנג ניט דאַרפן טראַכטן און גלייך איינזען אַז עס איז אונזער קערפּערליכער טייל וואָס פאַרנעמט אונזער געדאַנק און גאַנצע אויפמערק־זאַמקייט, ווען מיר האָבן אין זינען דעם איינדרוק וואָס מיר וועלן מאַכן צווישן מענטשן; וואָס זיי וועלן

דיינקען פון אונז און ווי זיי וועלן זיך פאַרהאַלטן צו אונז.

דערפאַר ווילן מיר אויסזען קערפערליך אָנציִענד, שיין, עלעגאַנט, אָדער וועניגסטנס קאָרעקט, אין די אויגן פון מענטשן. און פאַר דעם צוועק האָבן מיר אַ גאַנץ גוטן און געטרייען אַרויסהעלפער — דאָס איז דער שפּיגל.

דער שפּיגל ווייזט אונז זייער „אָפנהערציג", געטריי און געטריי, ווי מיר קוקן אויס צווישן מענטשן און ווי מענטשן זעען אונז.

דערפאַר ווענדן מיר זיך אָפט צום שפּיגל צו וויסן ווי מיר זעען אויס פאַר זיך און פאַר אַנדערע. מיר פאַרברענגען אָפט ביים שפּיגל צו זען אויב אונזער פּנים איז ריין, אויב מיר זיינען ריכטיג פאַרקעמט, אויב דער „טאַי" (קראַוואַט) איז ריכטיג פאַרשלייפט, אויב דער נייער הוט קליידט אונז, א. אַ. וו. ביי פרויען איז דער שפּיגל זייער רעכטע האַנט. זיי נעמען אים אַפילו מיט אין זייער האַנט־טאַש אָפט אַ קוק צו טאָן אויב זייער פּנים איז אין גוטער „אָרדענונג"...

דער אמת איז אָבער, אַז ניט מיט אונזער קערפּער־ליכן אויסזען מאַכן מיר זיך פריינט אָדער שונאים. ניט דורך אונזער קערפּערליכן אויסזען ווערן מיר רעספּעק־טירט אָדער פאַראַכטעט, ווילקאָמען אָדער אומגעווינטשט צווישן מענטשן. עס איז ניט אונזער קערפּערליכער נאָר אונזער גייסטיגער עלעמענט וואָס שפּילט דאָ די ראָלע. ניט ווייל אימיצער האָט אַ פליך ווילן מענטשן מיט אים ניט האָבן צו טאָן, נאָר ווייל ער איז אַ

ליגנער; ניט ווייל אימיצער האָט אַ גראָבן בויך, אָדער אַ לאַנגן מיאוס'ן נאָז ווייכן מענטשן פון אים, נאָר ווייל ער פאַרנודעט אונז מיט אַ סך רייד און לאָזט קיינעם אַ מויל ניט עפענען, און נאָך אַזעלכע גייס־טיגע „שוואַכקייטן".

מיר האָבן אין אָנפאַנג געזאָגט, אַז „יעדער מענטש וויל זיך מאַכן געפעלן און באַליבט צווישן מענטשן; יעדער איינער וויל מען זאָל האַלטן פון אים, רעספּעק־טירן אים, און שעצן זיין געזעלשאַפט". דאָ, ווידער, באַהויפּטן מיר, אַז ניט דורך קערפּערליכע נאָר דורך גייסטיגע מעלות אָדער חסרונות מאַכט מען זיך פריינט אָדער שונאים. טאָ ווי קומט עס וואָס מענטשן באַ־האַנדלען נאָר זייער קערפּערליכן אויסזען, ווי דאָ אָנגע־וויזן, און רעכענען זיך ניט מיט זייער גייסטיגן צושטאַנד ווען זיי ווילן זיך מאַכן אָנגענעם און ווילקאָמען אין געזעלשאַפט?

דער תירוץ איז, אַז פאַר אונזער קערפּערליכן אויס־זען האָבן מיר, ווי געזאָגט, אַ שפּיגל וואָס ווייזט אונז אָפנהערציג און דייטליך ווי מיר זעען אויס צווישן מענטשן קערפּערליך, אָבער פאַר אונזער גייסטיגן צו־שטאַנד איז קיין שפּיגל ניטאָ. זעען מיר ניט אונזער גייסטיגן „פּנים" און ווייסן ניט ווי ער באַווירקט אונ־זערע מיטמענטשן אין באַצוג צו אונז, ווי זיי פילן צו אונז און וואָס זיי דיינקען פון אונז. עס טרעפט, אַז פאַר אונזערע גוטע גייסטיגע אייגנשאַפטן, אויפפי־רונג און האַנדלונג קריגן מיר קאָמפּלימענטן און באַ־פרידיגונג, אָבער וועגן די שלעכטע וועט אונז זעלטן

װען אימיצער אויפמערקזאַם מאַכן. קײנער װיל ניט אימיצן באַלײדיגן און זאָגן אַז ער גלויבט ניט װאָס ער רעדט, װײל ער איז אַ ליגנער. קײנער װיל ניט אימיצן איבערשלאָגן אין זײַנע רײד און זאָגן אים אַז ער איז שוין פאַרנודעט געװאָרן אויסצוהערן זײַנע מעשיות, װעלכע קריכן אים אין קאָפּ ניט.

איז, װי געזאָגט, אויב איר האָט גײסטיגע פעלערן פאַר װעלכע מענטשן מײַדן אײַך אויס, זײַט איר ניט באַװאוסטזיניג דערפון, װײל איר האָט ניט אַזאַ שפּיגל װאָס זאָל אײַך װײַזן אײַער גײסטיגן באַשטאַנד, און קײנער פון אײַערע באַקאַנטע, װעלכע זעען יאָ אײַערע פעלערן, װעט זיך ניט נעמען צום האַרצן אײַך דאָס אָנצו־װײַזן און ממילא אײַך באַלײדיגן איבער דעם.

טאָ װאָס־זשע טוט מען?

אָט דאָ קומען מיר צו דעם פונקט פון אונזער אויפגאַבע. די צען קאַפּיטלען, װעלכע מיר גיבן דאָ, זײַנען באַצװעקט צו דינען טאַקע װי אַ גײסטיגער שפּיגל, װאָס װעט אײַך אָנװײַזן (כאָטש אין שריפט) אײַער גײסטיגן צושטאַנד און װעט באַהאַנדלען אײַערע שלעכטע אָדער פעלערהאַפטע אײגנשאַפטן, אויפפירונג, אָדער געװױנהײטן, פאַר װעלכע מענטשן זײַנען ניט גערן מיט אײַך צו פאַרברענגען אָדער פשוט האָבן צו טאָן מיט אײַך. דאָס זײַנען צען פאַרשידענע גײסטיגע פעלערן װעלכע מענטשן באַזיצן כמעט אומבאַװאוסט־זיניג, אָבער קענען אויסגעקורירט װערן.

לאַזאַרוס מאָנפריד

## ערשטער קאַפּיטל

# ליגן זאָגן

פּאַראַן מענטשן, וואָס האָבן אַן איינגעבאָרענע „שוואַכקייט" פאַר ליגן זאָגן. ווען זיי דערציילן עפּעס, אָדער מאַכן וועלכע באַהויפּטונג, דערקלערונג, אָדער זאָגן סתם עפּעס וואָס איז וויכטיג, אָדער אַפילו ניט וויכטיג, איז עס מער ליגן ווי אמת. פּאַראַן אַזעלכע, וואָס זאָגן ניט קיין זאַך ס אַ י ד ן עס איז ליגן, און אַזעלכע וועלכע זאָגן כלומרשט דעם אמת נאָר וואַרפן דורך אַ ליגנדל דאָ און דאָרט, ווי עס פּאַסט זיי.

ליגנס זאָגט מען פאַר פאַרשידענע אורזאַכן. מען זאָגט זיי כדי זיך אויסצופּיינען אָדער באַרימען זיך מיט עפּעס, אָדער כדי זיך צו פאַרטיידיגן אין געוויסע פאַלן, און גאַנץ אָפט גאָר אָן אַן אורזאַך נאָר מחמת איינפאַכער געוווינהייט.

פּאַראַן אַ סאָרט ליגן, וואָס די וועלט האַלט ניט פאַר אַ גרויסן פאַרברעכן. דאָס איז ליגן אין ביזנעס. ווען דער סוחר זאָגט צום קונה, אַז דער אַרטיקל קאָסט אים אַליין אַזוי פיל און אַזוי פיל, אָדער אַז זיין אַר־טיקל איז בעסער פון יענעמס אַרטיקל, האָט דער קונה אַ לאָגישן גרונט ניט צו גלויבן דעם סוחר. אַזעלכע ליגנס, אָדער באַהויפּטונגען, הערט מען אויף שריט און טריט. קיינער נעמט זיי ניט ערנסט און פאַררעכנט זיי ניט פאַר קיין ליגנס, כאָטש עס איז, אין די מער־סטע פאַלן, דאָך ניט אמת. מען דערקלערט עס מיט

דעם געוויינליכן אַמעריקאַנער ווערטל — „ביזנעס איז ביזנעס".

עס איז פאַראַן אַ סאָרט ליגן וואָס איז אַפילו אינ־גאַנצן באַרעכטיגט. דאָס איז ווען דער דאָקטאָר זאָגט דעם פּאַציענט אַז זיין לאַגע איז צופרידנשטעלנד, וויסנ־דיג אַז די לאַגע איז ערנסט. דער סאָרט ליגן איז אַ טייל פון דער קוראַציע וואָס איז נויטיג פאַר דעם געמיט פונ'ם חולה. לויט דעם תלמוד מעג מען אויך זאָגן אַ ליגן צוליב שלום ווענן.

אָבער ווען מענטשן זאָגן ליגן אין פּריוואַטער גע־זעלשאַפט, ליגן אין באַצוג צו זייערע פּערזענליכע אינטערעסן און אויפטואונגען, ליגן וועגן זייערע פאַר־בינדונגען און האַנדלונגען מיט אַנדערע מענטשן, ליגן וועגן געוויסע זאַכן, פאַקטן, פּאַסירונגען, א. אַז. וו., אַזעלכע ליגנס זיינען שווערע וואָפן קעגן דעם ליגנער, וואָס פאַרשוועכן זיין נאָמען און פאַרשטויסן אים גייס־טיג פון דער געזעלשאַפט מיט וועלכער ער קומט אין באַרירונג.

ווען מען זאָל, אַשטייגער, אַנווענדן קעגן דעם ליג־נער אַ גייסטיגן שפּיגל, וואָס זאָל אים בלויז ווייזן אַז ער איז אַ ליגנער, וואָלט דאָס אים אפשר וויניג באַ־רירט, ווייל ער ווייס דאָך אַליין יעדעס מאָל ווען ער זאָגט אַ ליגן. וואָס ער ווייס אָבער ניט איז, אַז די מענטשן וועמען ער זאָגט דעם ליגן ווייסן אויך אַז עס איז ליגן. דער אמת'ער אמת איז אַז אַפילו אַן אמת גלויבט מען אויך ניט אַזוי לייכט, סאַידן דאָס קומט פון אַן ערליכן, אויפריכטיגן מענטשן ביי וועמען ליגנס

זיינען אויסגעשלאָסן. אָבער דעם באַוואוסטן ליגנער גלויבט מען דאָך אַפילו אַן אמת אויך ניט, און דאָס אומגליק פון דעם ליגנער באַשטייט אין דעם, וואָס ער מיינט אַז אַלץ וואָס ער זאָגט גלויבט מען אים.

אָט אין דעם ליגט די צרה.

אין געזעלשאַפטליכע באַציאונגען וועט קיינער ניט אַ זאָג טאָן צו אימיצן אין פנים אַריין אַז ער איז אַ ליגנער, אַ בלאָפער, און מען גלויבט קיינזאַך ניט וואָס ער זאָגט.

בלייבט דער ליגנער ביי זיין פאַלשער און נאַרי־שער איינבילדונג, אַז אַלץ וואָס ער זאָגט ווערט אָנגע־נומען פאַר גוט געלט.

איצט לאָמיר גענויער באַטראַכטן די לאַגע פון דעם ליגנער:

ווי פריער אָנגעוויזן, זאָגט מען ליגן פאַר דער אייגענער טובה וועגן, פאַר דעם אייגענעם בענעפיט, ווי למשל צו רימען זיך אַזוי אַז מען זאָל האַלטן פון אים אָדער באַוואונדערן אים; צו פאַרטיידיגן זיך קעגן אַ פאָרוואורף אָדער חשד, אָדער עפּעס אויסצופירן אין די אינטערעסן פון דעם ליגנער גופא, א. אַז. וו. ווען דער ליגנער וואָלט אָבער וויסן אַז מען גלויבט אים ניט, דאַן וואָלט ער איינגעזען אַז יעדער ליגן איז אַרויס־געוואָרפן. ניט נאָר ברייננגט דער ליגן אים ניט קיין נוצן נאָר ער מאַכט אים נאָך שאָדן. דער עולם איז ניט אַזאַ גולם ווי דער ליגנער מיינט, און דער ווען ער זאָגט אַ ליגן געפינט זיך גאָר באַליידיגט וואָס ער האַלט אים פאַר אַזאַ יאָלד צו גלויבן וואָס ער זאָגט.

אויב דעם ליגנער געלינגט יאָ אַמאָל צו באַווירקן אָדער באַאײַנפלוסן זיין צוהערער מיט דעם ליגן, איז דאָס נאָר צייטווייליג. פריער אָדער שפּעטער וועט דער ליגן פּלאַצן צום שאָדן אָדער פאַרלוסט פון דעם ליגנער.

מאַכט זיך דער ליגנער אומדירעקטע שונאים, אַ מיאוס'ן נאָמען, און פאַרלירט דעם צוטרוי פון זיינע מיטמענטשן, וועלכע גלויבן אים אַפילו קיין אמת אויך ניט. און די טראַגעדיע דערפון איז, וואָס דער ליגנער זעט דאָס ניט איין, ווייל זיינע צוהערער נעמען כלומרשט אָן זיינע באַהויפּטונגען און שאָקלען צו מיט'ן קאָפּ פון העפליכקייט וועגן.

איצט קען דער לייענער זיך אַליין עקזאַמענירן, נעמען זיך אַליין „אויפ'ן צימבל" און זען אויב ער זינדיגט ניט אונטער ווען־עס־איז מיט ליגן זאָגן.

אויב יאָ, און אויב איר זייט (געוויס) זיך אַליין אַ גוטער פריינט, דאַן מוזט איר אויף זיך אַליין מאַכן די אָפּעראַציע.

קודם כל מוזט איר באַשליסן און פּשוט באַשווערן זיך, אַז פון אַט־דעם מאָמענט אָן זאָל אייער מויל ניט אַרויסריידן קיין זאַך וואָס איר ווייסט אַז עס איז ניט אמת. ניט זאָגן קיין ליגן אַפילו ווען דאָס זאָל אייך אין געוויסע פאַלן ווי טאָן. יעדע אָפּעראַציע טוט ווי בשעת מעשה, אָבער דורך דעם ווערט מען געקורירט און מען ווערט געזונט. איר וועט שנעל איינזען, אַז דאָס פאָלקס־ווערטל „דער אמת איז דער בעסטער ליגן" איז אַן אמת'ער אמת.

נאָכדעם זאָלט איר פּשוט פּראַקטיצירן מיט אייערע רייד צווישן מענטשן: יעדעס מאָל אַ טראַכט טאָן פאַר־אויס צו באַשטימען אויב דאָס וואָס איר גייט זאָגן איז אַ ריינער אמת. דערצו זאָלט איר אין געוויסע פאַלן, וואו נויטיג איז, זאָגן אַזאַ אמת, וואָס איז אפילו קעגן אייך אָדער אייערע אינטערעסן. אייערע פריינט וועלן דאָס שנעל באַמערקן און עס וועט לאַנג ניט נע־מען ווי אייערע מיטמענטשן וועלן איינזען די גוטע ענדערונג אין אייער כאַראַקטער. זיי וועלן אייך אָנ־פאַנגען צו גלויבן, רעספּעקטירן, און שיינקען זייער צוטרוי.

עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז דאָס מיינט ניט איר זאָלט אָפּנהערציג אַרויסריידן אַלץ וואָס איר האָט אויפ׳ן האַרצן. איר מעגט האַלטן אייערע סודות פאַר זיך אַליין און ניט זאָגן דאָס וואָס אייך לוינט זיך ניט. אָבער דאָס וואָס איר זאָגט יאָ זאָל זיין דער ריינער אמת, פּונקט ווי מען שווערט אין אַמעריקאַנער געריכט צו זאָגן „דהי טרוטה ענד נאָטהינג באָט דהי טרוטה״ — דעם אמת און קיינזאַך אַחוץ דעם אמת.

## צווייטער קאַפּיטל

# ריידן צו פיל

פון דאָס, וואָס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן, פאַרשטייען מיר, אַז ווען אימיצער האָט, למשל, אַ שטיקל קערפּערליכן הויקער, האָט ער גרויס קלעמעניש איבער דעם און קען דאָס אַ מינוט ניט פאַרגעסן, כאָטש דאָס שטערט אים ניט צו מאַכן זיך פריינט, אַ גוטן נאָמען, און באַליבט צווישן מענטשן. אָבער ווען אי־מיצער האָט אַ ג י י ס ט י ג ן הויקער פאַר וועלכן מענטשן וויכן אים אויס אָדער האַסן אים, נעמט ער זיך ניט צום האַרצן און קימערט זיך ניט וועגן דעם. פאַרוואָס דאָס איז אַזוי איז, ווייל זיין קערפּערליכן הויקער ווייס ער צו גוט — דער שפּיגל זאָגט עס אים — אָבער פון זיין גייסטיגן הויקער ווייס ער ניט, ווייל ס'איז ניטאָ אַזאַ שפּיגל וואָס זאָל עס אים ווייזן, און זיינע מיטמענטשן וואָס זעען עס יאָ אויף אים ווילן אים ניט אָנווייזן אויף זיין גייסטיגן הויקער און דורך דעם באַליידיגן אים.

טראָגט זיך אַ מענטש אַרום מיט אַ גייסטיגן הויקער, וואָס פאַרטרייבט מענטשן פון אים, אָדער מאַכט זיי פילן זייער אומבאַקוועם אין זיין געזעלשאַפט, און ער ווייס גאָר ניט דערפון.

דער „גייסטיגער הויקער" וואָס מיר האָבן דאָ אין זינען איז דער גייסטיגער פעלער פון ר י י ד ן צ ו פ י ל.

אַוודאי ווייס ניט דערדאָזיגער מענטש פון זיין פע־לער, ווי פריער אָנגעוויזן, און עס פאַלט אים גאָר קיינמאָל ניט איין דעם פעלער צו באַמערקן. אויב איר (פריינט לייענער) זייט געשטראָפט מיט אַזאַ פעלער, ווייסט איר דאָס אויך ניט. טאָ גיט אַ טראַכט פון אייערע באַקאַנטע, און איר וועט צווישן זיי געפינען מער ווי איינעם (מערסטנס צווישן פרויען, זאָלן זיי מיר מוחל זיין) וואָס האָבן דעמדאָזיגן פעלער און זיינען אויך אומבאַוואוסטזיניג וועגן זייער „קראַנקהייט".

יאָ, דאָס איז אַ קראַנקהייט אַזאַ.

אַ מענטש (און אפשר טאַקע איר אַליין...) קומט זיך צוזאַמען מיט נאָך איינעם, אָדער מיט מערערע מענטשן, פאַנגט אָן צו ריידן און מאַכט דאָס מויל ניט צו פאַר דער גאַנצער צייט. טאָמער כאַפּט ער אָפּ דעם אָטעם פאַר אַ מינוט און דער אַנדערער באַנוצט זיך מיט דער געלעגנהייט עפּעס צו זאָגן, פאַלט ער אים אַריין אין די רייד, האַקט אים איבער און נעמט צוריק איבער דעם „געשפרעך" אויף זיין אייגענעם חשבון...

אַזאַ זאַך קענט איר זען אין אייער אייגענער דער־פאַרונג אַלס צוהערער (און אפשר טאַקע אויך אַלס דער ריידער גופא) אָדער זיך צוקוקנדיג צו אַנדערע מענטשן אין געזעלשאַפט.

וועגן וואָס מען רעדט איז ניט וויכטיג, אַבי מען רעדט. אַזוי בלאָנזשעט מען אַרום פון איין ענין צום צווייטן, פון איין געגנשטאַנד צו אַן אַנדערן, ביז דער

צוהערער ווערט אומגעדולדיג, עס ווערט אים נישט־גוט און זוכט זיך צו ראַטעווען פון דער מענה־לשון אַטאַקע.

אין די מערסטע פאַלן באַשטייען אַזעלכע „ניין מאָס רייד" ניט פון דעם פובליציסטישן כאַראַקטער, ווי אויס־צודריקן מיינונגען אָדער אַרגומענטאַציעס וועגן געוויסע אידייען, האַנדלונגען, אָדער פּראָבלעמען. אַזאַ סאָרט געשפּרעך קען ניט אָנהאַלטן צו לאַנג איינזייטיג, ניט אַרויסרופנדיג אַ געגנגעשפּרעך פון צווייטן צד, ווילנ־דיג אָדער ניט ווילנדיג. די „ניין מאָס" פּלאַפּלערײ באַשטייט מערסטנס פון דעם אינפאָרמאַטיוון כאַראַק־טער, ווי דערציילן זאַכן וואָס האָבן פּאַסירט מיט דעם רײדער גופא אָדער מיט אַנדערע מענטשן, וואָס דער האָט געזאָגט, וואָס יענער האָט געטאָן, א. אַז. וו. א. אַז. וו. — וואָס אויף דער לונג דאָס אויף דער צונג.

אויב איר זייט געשטראָפט מיט אַזאַ פעלער און האָט ביז איצט קיינמאָל ניט אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם, דאַן מוזט איר אָפּפרישן אין אייער זכרון עט־ליכע פאַלן ווען איר זייט זיך מיט אימיצן צוזאַמענ־געקומען און דערמאָנען זיך ווי־אַזוי איר האָט פאַר־בראַכט אין אייער שמועס. אויב איר האָט, למשל, דורך אַ שעה צייט פאַרנומען 50 מינוטן אין גערײדערײ און יענער בלויז 10 מינוטן, דאַן זייט איר אַ פּאַציענט אויף דער מענה־לשון קראַנקהייט און מוזט זיך אַליין אויס־קורירן מיט דעם פאָלגנדן רעצעפּט:

1) איידער איר זאָגט עפּעס, גיט אַ טראַכט אויב דאָס וועט אייער צוהערער אינטערעסירן. אין די מער־סטע פאַלן, זאָלט איר וויסן זיין, וועט עס אים ניט

אינטערעסירן. קיינער האָט קיין געדולד ניט אויסצו־הערן זאַכן וואָס האָבן צו טאָן מיט אייך פּערזענליך אָדער מיט אַנדערע מענטשן אין געוויינליכן טאָג־טעג־ליכן לעבן. קיינער פאַרטראָגט ניט קיין לאַנגע אויס־געצויגענע דיבורים און מעשיות פון פוסטע זאַכן וואָס קריכן קיינעם אין קאָפּ ניט. אַזעלכע זאַכן באַשטייען מערסטנס פון פסולת, אָפּפאַל, וואָס מוז אָפּגעקליבן און באַזייטיגט ווערן.

2) אויב איר זייט שוין יאָ פּאַרזיכטיג און אויס־קלייבעריש אין אייערע רייד און רעדט בלויז דאָס, וואָס איר גלויבט באמת אַז דאָס איז וויכטיג און אינטע־רעסאַנט פאַר דעם צוהערער, זאָלט איר דאָס זאָגן קורץ, אָן זייטיגע צוטשעפּעניש, ניט פאַרקריכן אויף אַן אַנדער ענין, און בלייבן שטיל. זאָל דער צווייטער האָבן אַ געלעגנהייט צו ריידן וואָס ער וויל; טיילט זיך מיט אים די צייט, און וואָס מער צייט איר וועט אים געבן אַלץ קליגער וועט דאָס זיין פון אייך. געדיינקט, אַז עס איז בעסער צו זיין אַ גוטער צוהערער ווי אַ גוטער ריידער. אויב יענער וועט ריידן צו פיל און אייך ניט צולאָזן צום וואָרט, וועט יענער זיין דער קראַנקער און אויף אים וועט מען דאַרפן רחמנות האָבן.

3) ווען אימיצער רעדט צו אייך זאָלט איר אים קוקן אין פּנים אַריין און שיינקען אייער פולע אויפ־מערקזאַמקייט. ווענדט ניט אָפּ אייער געדאַנק דורך דער צייט צו אַ זייטיגער זאַך און שטערן דעם איינ־דרוק פון יענעמס רייד. ווען איר רעדט צו יענעם

פאַרלאַנגט איר דאָס אויך אַזוי. טאָ האָט עס אין זינען.

4) איר זאָלט קײנמאָל ניט איבערשלאָגן יענעם װען ער רעדט, אַפילו װען איר שטימט ניט אײן מיט אים. איר װעט האָבן אײער װאָרט װען ער װעט ענ־דיגן. איר זאָלט אויך קײנמאָל ניט אַרײנפאַלן אין יענעמס רײד כדי אים אַרױסצוהעלפן. איר װעט דורך דעם זיכער קאַליע מאַכן זײַנע רײד און אַלײן בלײַבן באַנאַרעשט. בכלל זאָלט איר געדײנקען דעם פאָלקס־װערטל: „רײדן איז זילבער און שװײַגן איז גאָלד“.

## דריטער קאַפּיטל

# באַוועגונג ביים ריידן

אונזער אַזויגערופענער „גייסטיגער שפּיגל", וואָס ווייזט דעם מענטשן זיינע גייסטיגע פעלערן מיט דער כוונה אים אויסצוקורירן פון זיי, קען דאָס ניט טאָן אין אַלע פאַלן. עס זיינען פאַראַן גייסטיגע פע־לערן ביי וועלכע דער „גייסטיגער שפּיגל" איז הילפ־לאָז און קען ניט פונקציאָנירן. למשל נאַרעשקייט איז אַ גייסטיגער פעלער. קען דען ווער־עס־איז דערקלערן דעם נאַרן אַז ער איז אַ נאַר און ראַטן אים צו זיין קלוג? אָדער אַ שלעכטער כאַראַקטער — שלעכט צו דער „גאַנצער וועלט" — איז אַ גייסטיגער פעלער. קען דען אימיצער אויפווייזן דעם שלעכטן אַז ער איז שלעכט און ראַטן אים צו ווערן גוטהערציג? אַזעלכע מיט־געבאָרענע גייסטיגע פעלערן, וואָס קענען פון קיינעם ניט קאָנטראָלירט ווערן און קענען ניט געהאָלפן ווערן דורך אַ פּשוט'ער עצה, זיינען דאָ אויסגעשלאָסן.

די גייסטיגע פעלערן, וועלכע ווערן דאָ אויפגע־דעקט, אַנאַליזירט און באַהאַנדלט, זיינען אַזעלכע פון וועלכע די געשטראָפטע קענען זיך לייכט אויסקורירן דורך אינטימער, אָפנהערציגער אויפקלערונג, אָנווענ־דונג פון לאָגיק און ווילנסקראַפט. אַזעלכע פעלערן באַשטייען פון שלעכטע זיטן און געוווינהייטן וועלכע די באַטרעפנדע אַליין פילן דאָס ניט, אָבער קענען דאָס לייכט איינזען ווען דאָס ווערט זיי אויף אַ פריינט־

ליכן אופן אָנגעוויזן און קענען אויסגעקורירט ווערן.

איינעם פון אַזעלכע פעלערן זעט מען אָפט ביי מענטשן אין זייער שטייגער פון ריידן.

אין דעם פאַריגן קאַפּיטל האָבן מיר באַהאַנדלט דעם פעלער פון ריידן צו פיל בכלל. איצט ווען מיר זען ווי־אַזוי מענטשן ריידן — ווי זיי פירן זיך אויף ביים ריידן.

פאַראַן מענטשן וועלכע קריכן אייך אין פּנים אַריין ווען זיי ריידן צו אייך. יעדעס מאָל ווען זיי ווילן אייך עפּעס זאָגן גיבן זיי זיך אַ בויג־צו צו אייער פּנים און ריידן אייך כמעט אין פּנים אַריין.

אַז אַזאַ געוווינהייט איז אָפּשטויסנד און שעדליך, איז זעלבסטפאַרשטענדליך. און דאָך איז דער ריידער אומבאַוואוסטזיניג וועגן דעם. דער צוהערער, ווידער, ווייל אים ניט באַליידיגן, הייסט ער אים ניט אָפּרוקן זיך פון אים נאָר ציט זיך אַליין אָפּ פון דעם ריידער. אָבער דער ריידער אַליין באַמערקט עס ניט און פאָלגט אים נאָך...

די שעדליכקייט באַשטייט אין דעם, וואָס דער אָטעם פון ריידער פאַלט אויף דעם צוהערער, און דאָס איז דאָך אומגעזונט. ערגער איז ווען פון דעם ריידער'ס מויל הערט זיך אַ שלעכטער גערוך וואָס פאַרנעמט דעם צוהערער, און דאָס איז שוין פּאַסקודנע. אָבער נאָך ערגער איז, ווען פון דעם ריידער'ס מויל פליען שפּריצלעך... דער צוהערער האַלט זיך נעבעך אין איין ווישן דאָס פּנים, אָבער דער ריידער איז, ליידער,

בלינד צו דער גאַנצער לאַגע און ענדערט ניט זיין האַלטונג.

דער וואָס וויל זיין זיכער, אַז ער איז ניט גע־שטראָפט מיט דער שעדליכער און מיאוס'ער געוויינ־הייט צו ריידן אין פּנים אַריין פון זיין צוהערער, מוז זיך קודם כל אַ „קנייפּ טאָן" ווי אויפצו־וועקן זיך פון שלאָף כדי צו קענען זיך זען אויפ'ן וואָר ווי־אַזוי ער רעדט צו מענטשן. רעדט איר צו נאָענט צו אייער קרבן? דאַן געדיינקט, אַז איר מוזט מיט אייער מויל אָפּגערוקט זיין פון זיין פּנים כאָטש אויף צוויי־דריי פוס. אויב ער הערט ניט גוט, זאָלט איר העכערן אייער קול, אָבער פאַר קיין פאַל ניט צובויגן זיך צו זיין פּנים ביים ריידן.

פאַראַן נאָך אַנדערע מיאוס'ע געוווינהייטן ביים ריידן וועלכע אַלע באַמערקן אַחוץ דעם ריידער גופא.

אַזוי פּאַסירט אַמאָל ווען איינער וואָס רעדט צו אייך טאָרקעט אייך ביי דער האַנט, קלאַפּט אייך איבער דער פּלייצע, ציט אייך ביים לאַץ, פונקט ווי ער וואָלט זיך וועלן פאַרזיכערן, אַז איר זאָלט ניט איינשלאָפן ביי זיינע רייד. ער וויל, הייסט עס, מיט זיינע רייד אַריינדרינגען אייך אין די ביינער אַריין. טוט איר אויך אַזוי ווען איר רעדט צו אימיצן? דערמאָנט זיך.

אַנדערע, ווידער, האָבן אַ געוווינהייט צו באַוועגן זיך ווען זיי ריידן. זיי וויגן דעם קערפּער, דרייען מיט'ן קאָפּ, מאַכן מיט די הענט, קלאַפּן אין טיש און קרימען דאָס פּנים לויט דעם אינהאַלט פון די רייד.

אַזאַ האַלטונג איז ערשטנס אַ סימן פון נערוועזיטעט. צווייטנס באַווייזט עס, אַז דער רייזער איז אָרעם אין ווערטער. דער אינטעליגענטער מענטש וואָס באַזיצט אַ רייכן וואָקאַבולאַר האָט גענוג פּאַסיגע ווערטער אויסצודריקן קלאָר און דייטליך זיין געדאַנק און נויטיגט זיך ניט אין דער הילף פון זיינע גלידער. דער שטומער, וואָס האָט גאָר קיין ווערטער ניט אין זיין מויל, איז געצוואונגען אויסצודריקן זיינע רייד דורך די באַוועגונגען פון זיינע גלידער. דער פּרימיטיווער, ווילדער מענטש, וואָס האָט ווייניג ווערטער געהאַט אויסצודריקן זיינע געדאַנקען און אינסטינקטן, האָט זיך אויך געמוזט אַרויסהעלפן דורך זיינע גלידער. אָבער דער ציוויליזירטער מענטש פון היינט דאַרף דאָס ניט.

אָבער אַחוץ די אָנגעגעבענע אורזאַכן פון קערפּערליכע באַוועגונגען ביים ריידן, איז דאָס אויך אַ געוויינהייט — אַ מיאוס'ע געוויינהייט, פון וועלכער מען דאַרף און מען קען זיך אָפּגעוויינען.

אויב איר זייט געשטראָפט מיט די גייסטיגע פעלערן, וועלכע ווערן דאָ אין דעם קאַפּיטל באַהאַנדלט, און פון דעם אַפילו קיינמאָל ניט אַ טראַכט געטאָן, זאָלט איר האָבן אין זינען דאָס פאָלגנדע:

די רייד וואָס איר רעדט צו אימיצן גרייכן אים דורך זיינע אויערן, אָבער פאַר קיין פאַל ניט דורך זיין אַרבל אָדער וועלכע טיילן פון זיין קערפּער. דערפאַר דאַרפט איר אים ניט ציען פאַר'ן אַרבל און טרייסלען זיין קערפּער ווען איר רעדט צו אים. פאַר אַזעלכע זאַכן מיידט מען אייך אויס אָדער מען פילט

זיך זייער באַלעסטיגט און אומאַנגענעם אין אייער גע־
זעלשאַפט.

דאָס, וואָס איר באַוועגט אייער אייגענעם קער־
פער, שאָקלט מיט'ן קאָפּ און מאַכט מיט די הענט פאַר
זיך אַליין ווען איר רעדט, קימערט ניט אייערע צו־
הערער און באַלעסטיגט זיי ניט. אָבער אין האַרצן
לאַכן זיי פון אייך אָדער באַטראַכטן אייער האַלטונג
פאַר אַבנאָרמאַל. דאָס איז פאַר אייך אויך ניט קיין
קאָמפּלימענט.

פאַרשטייט זיך, אַז איר דאַרפט זיך ניט האַלטן
שטייף און אומבאַוועגליך ווי אַ סטאַטוע ביים רײדן.
אַ גאַנץ לייכטע, קאָנטראָלירטע האַנט־באַוועגונג גיט
אָפּטמאָל צו קאָליר צום געשפּרעך. אָבער די שלעכטע
געוויינהייטן וועלכע זיינען דאָ אָנגעוויזן מוזן אונטער
אַלע אומשטענדן באַזייטיגט ווערן. די זשעסטיקולאַ־
ציעס וואָס אַקטיאָרן געברויכן אויף דער בינע האָבן
אַ גאַנץ אַנדער באַדייטונג, וואָס דאָ איז ניט דער פּלאַץ
וועגן דעם אַרומצורײדן.

פּרובירט, פּראַקטיצירט, געוויינט זיך צו — און
אייערע רייד וועלן אויפגענומען ווערן מיט דער גע־
העריגער אַכטונג און אינטערעס.

פירטער קאַפּיטל

# גייסטיגע קאַרגשאַפט

**פאַראַן** מענטשן וועמען מען האָט ניט ליב, אָדער פּשוט פיינט, פאַר זייער גייסטיגער קאַרגשאַפט.

ווען עס האַנדלט זיך וועגן קאַרגשאַפט אין אויס־געבן געלט אויף נויטיגע זאַכן, אָדער ווען איינער איז קאַרג אין געבן אַ נדבה וואו נויטיג איז, אַזאַ קאַרג־שאַפט קען מען פאַרשטיין. דער קאַרגער קויפט ניט וואָס ער האָט נויטיג, אָדער גיט ניט קיין נדבה וואו עס פאָדערט זיך, ווייל ער זשאַלעוועט זיין געלט — בלייבט דאָס געלט ביי אים. אָבער ווען איינער איז קאַרג אויף עפּעס וואָס קאָסט אים גאָרנישט און וואָס בלייבט ביי אים סיי ווי גאָרנישט — אַזאַ קאַרגשאַפט איז שוין אַ פעלער וואָס איז אומבאַרעכטיגט און אָפט־מאָל אומפאַרגעבליך.

דאָ האַנדלט זיך וועגן קאַרגשאַפט אין געזעל־שאַפטליכקייט, ווי קאַרגשאַפט צו באַגריסן אַ באַקאַנטן ווען מען טרעפט אים אין גאַס, פאַרזאַמלונג, אָדער אַנדער געזעלשאַפט; קאַרגשאַפט אין שיינקען אימיצן אַ גוט וואָרט צו ווען ער איז באַרעכטיגט און וואו עס פאָדערט זיך; קאַרגשאַפט אין שיינקען אימיצן אַ שמייכל און מאַכן אים פילן גוט אין געוויסע פאַלן וואו נויטיג איז, און נאָך אַזעלכע קאַרגעריי, וואָס קאָסט דעם קאַרגן גאָרנישט און קאַרגט דערפון קיינ־זאַך ניט אָפּ פאַר זיך אַליין.

דאָס איז אַ גייסטיגער פעלער פאַר וועלכן מען ווערט פאַראַכטעט בײַ מענטשן און אין פיל פאַלן שאַפט מען זיך איין שונאים אומזיסט און אומנישט.

אויב איר זייט געשטראָפט מיט אָט־דעם גייסטיגן פעלער אויף אייער כאַראַקטער און האָט זיך ביז איצט ניט אָפּגעגעבן קיין חשבון וויפיל איר פאַרליַרט דורך אַזאַ קאַרגעריי, דאַן קוקט זיך אַרום צווישן אייערע באַקאַנטע און זוכט אויס אַזאַ פאַרשוין וואָס האָט דעמזעלבן פעלער (מסתמא זייט איר דאָך ניט דער איינציגער). ווי פילט איר צו אים? וואָס דיינקט איר פון אים?

איר וועט באַלד איינזען, אַז אייערע געפילן צו אים זיינען נעגאַטיווע. איר זייט אָפּטמאָל בייז אויף אים און קענט אים ניט ליידן פאַר זיין געקאַרגטער סימפּאַטיע צו מענטשן, צו אייך אָדער צו אַנדערע, ווען און וואו דאָס פאָדערט זיך און ווערט פון אים דערוואַרט.

אָט פונקט אַזוי פילט מען צו אייך, אויב איר באַציט זיך אַזוי צו מענטשן.

אין אַזעלכע פאַלן פון גייסטיגער קאַרגשאַפט איגנאָרירט איר אַ פריינט אָדער באַקאַנטן און קאַרגט־איין אַ באַגריסונג ווען איר זעט אים, אָבער מאַכט זיך ניט־זעענדיג, סאַיידן איר דאַרפט אים האָבן, אָדער זיין פריינטשאַפט האָט פאַר אייך עפּעס אַ ווערט.

איר הערט אַ וויץ צווישן פריינט, און זשאַלעוועט אַ שמייכל צו טאָן כאָטש פון העפליכקייט וועגן, סאַיידן

דער וויץ האָט אייך צעקיצלט און איבערגעוואַלד אַרויס־
גערופן אייער געלעכטער.

אַ פריינט דערציילט אייך עפּעס פון זיינעם אַן
אויפטו, אַ דערגרייכונג, אַ געווינס, אַ נצחון, אָדער אַזוי
אַ פּאַסירונג וואָס מאַכט אים פילן גוט; ער דערציילט
עס אייך מיט פרייד, מיט באַגייסטערונג, אָבער איר
בלייבט קאַלט און זשאַלעוועט אים אַ קאָמפּלימענט,
אָדער כאַטש אַ גוט וואָרט איבער דער זאַך, סאַידן
איר האָט דערביי אַ פּערזענליכן אינטערעס.

אַזאַ קאַרגשאַפט גרעניצט זיך מיט ניט־פאַרגינערײ.
דידאָזיגע קאַרגע פאַרגינען פּשוט ניט דעם אַנדערן
דעם גוטן געפיל פון באַפרידיגונג צו ווערן באַגריסט,
קאָמפּלימענטירט, דערמוטיגט, אָדער געלויבט, וואָס דאַרף
קומען פון זייער געקאַרגטן פאַרביסענעם צונג.

אַזאַ מין קאַרגשאַפט איז אויך אַ ס י מ פּ ט אָ ם
פון אַ שלעכטן כאַראַקטער בכלל, וואָס קען זיך אַרויס־
ווייזן אויך אין פאַרשידענע אַנדערע נאָך ערגערע פאַלן.
עס איז דאָ ניט נויטיג אויסצורעכענען די שלעכטע
האַנדלונגען, אויפפירונגען און רעזולטאַטן פון אַן אַל־
געמיין שלעכטן כאַראַקטער, ווייל יעדער איינער ווייס
וואָס דאָס מיינט. אין אַט־דעם פאַל איז דער אָנגע־
וויזענער קאַרגשאַפט־סימפּטאָם אַליין אַ געניגנדע וואָר־
נונג פון אַן ערנסטן כאַראַקטער־פעלער, וואָס מוז אויס־
געקורירט ווערן.

ווען אַ דאָקטאָר וויל קורירן אַ שלעכטן מאָגן,
דאַרף ער ניט אויפשניידן דעם בויך צו עקזאַמענירן

דעם מאָגן. ווען אַ פסיכיאַטיקער וויל קורירן אַ גייס־טיג קראַנקן, דאַרף ער ניט אויפברעכן דעם שאַרבן צו באַטראַכטן דעם מאַרך פון זיין פּאַציענט. אין אַזעלכע פאַלן רעכנט מען זיך בלויז מיט די סימפּטאָמען וואָס די קערפּערליכע קראַנקהייטן ברענגען אַרויס.

פונקט אַזוי איז מיט די גייסטיגע פעלערן וועלכע ווערן דאָ באַהאַנדלט. דער סימפּטאָם פון גייסטיגער קאַרגשאַפט וואָס ווערט דאָ אָנגעוויזן איז שלעכט גענוג פאַר זיך אַליין, אָבער אַחוץ דעם ווייזט ער אָן, ווי גע־זאָגט, אויף אַ טיפערן, קראַנקהאַפטן כאַראַקטער־פעלער, וואָס פאָדערט באַהאַנדלונג.

אין מעדיצין ווייסט מען, אַז די מערסטע לייכטע קראַנקהייטן זיינען רעזולטאַטן אָדער סימפּטאָמען פון אַנדערע און שווערערע קראַנקהייטן אָדער פעלערן וואָס זיינען פאַרבאָרגן אין קערפּער. פיל פעלערן אַזעלכע זיינען שווער צום קורירן אָדער זיינען כראָניש און קענען אינגאַנצן ניט געקורירט ווערן. אין אַזעלכע פאַלן באַנוגנט מען זיך מיט מיטלען כאָטש צו פאַר־לייכטערן די סימפּטאָמען פון וועלכע די פּאַציענטן ליידן אויך גענוג. קאָפּשמערצן, למשל, קענען זיין אַ רעזול־טאַט פון פאַרשידענע אומאָרדנונגען אין קערפּער, וועל־כע קענען ניט אַזוי לייכט באַהאַנדלט און געקורירט ווערן. באַנוצט מען זיך מיט געוויסע פּילן אָדער פּוי־דערס דעם קאָפּשמערץ כאָטש צייטווייליג צו באַזייטיגן.

פונקט אַזוי איז דער פאַל מיט אַ שלעכטן, איינ־געבאָרענעם כאַראַקטער, וועלכן עס איז שווער, אָבער ניט אוממעגליך, צו קורירן. אין אונזער איצטיגן פאַל

מוז מען וויניגסטנס קורירן זיין סימפּטאָם — די גייס־טיגע קאַרגשאַפט — וועלכע קען דעם באַטרעפנדן אויך ברייניגען גענוג עגמת־נפש און האַרצווייטאָג, פּונקט ווי אַ קערפּערליכער סימפּטאָם גיט דעם ליידנדן גענוג ווייטאָגן.

טאָ פּרובירט זיך באַצווינגען צו פאַרטרייבן אייער קאַרגשאַפט פון גוטן ווילן צו אייערע מיטמענטשן, כאָטש דאָס וועט אייך אפשר אין אָנפאַנג אָנקומען אַ ביסל שווערליך, ניט זייענדיג געוויינט דערצו... באַגריסט אייער פריינט אָדער באַקאַנטן נאָך אידער יענער האָט אַ געלעגנהייט אייך צו באַגריסן — אויב איר האָט ניט, פאַרשטייט זיך, קיין גערעכטע אורזאַך אים פיינט צו האָבן. זשאַלעוועט ניט קיין קאָמפּלימענט, אָדער אַ וואָרט פון דערמוטיגונג און אָנערקענונג צו דעם וועלכער האָט עס פאַרדינט. קאַרגט ניט קיין שמייכל אויף אַ גוטן וויץ אָדער גוט־ווערטל וואָס אייך געפעלט, און זשאַלעוועט ניט קיין אויסדרוק פון מיטגעפיל אויף אימיצנס אַן אומגליק. אין אַנדערע ווערטער: רעאַגירט מיט פריינטשאַפט צו אייערע מיטמענטשן ווען און וואו דאָס פאָדערט זיך. דאָס וועט ווירקן ווי אַ גוטער טאָניק אויף אייער געמיט און וועט האָבן אַ גוטע ווירקונג אויף אייער כאַראַקטער אין אַלגעמיין פאַר אייער אייגענעם וואוילזיין.

פינפטער קאַפּיטל

# איינגעשפּאַרטקייט

**איינער** פון די ערגסטע שטריכן אין אַ מענטשנס כאַראַקטער איז איינגעשפּאַרטקייט. דער עקשן האָט ניט קיין גרונט פאַר די זאַכן פאַר וועלכע ער שפּאַרט זיך איין. ווייל אויב ער האָט יאָ אַ גרונט, אַ באַרעכטיגונג, וואָלט ער דאָך געווען גערעכט און וואָלט ניט געקענט באַשולדיגט ווערן אין עקשנות.

פאַראַן אַזעלכע פאַרהאַרטעוועטע איינגעשפּאַרטע, אַז ווען זיי זאָלן זאָגן אַז צוויי מיט צוויי איז זעקסט־האַלבן וועט זיי אַפילו איינשטיין ניט קענען איבער־ריידן און באַווייזן זייער טעות.

אַזעלכע מענטשן וועלן זיך האַלטן שטייף ביי זייער מיינונג אָדער באַהויפּטונג אַפילו ווען זיי זאָלן גלייך איינזען אַז דער צווייטער איז גערעכט. זיי וועלן זיך דרייען אַהער און אַהין, פּלוידערן און ניט הערן זייערע אייגענע רייד, אַבי ניט נאָכצוגעבן דעם צווייטן — און זיי בלייבן ביי זייער מיינונג אָדער באַהויפּטונג ווי קרום דאָס זאָל ניט זיין. מיט אַזעלכע מענטשן קומט אויס אָפּט צו קריגן זיך און זיי דערצאָרענען די מענטשן וועלכע האָבן מיט זיי צו טאָן.

אַזוי ווי די מערסטע אַנדערע גייסטיגע פעלערן, אַזוי איז אויך דער פאַל מיט דעמדאָזיגן פעלער. די איינגעשפּאַרטע טוען עס פון פערזענליכער אייגענגיי־

ציגקייט, דער אינסטינקטיווער דראַנג פאַר דעם „עגאָ", דעם אייגענעם געווינס און באַפרידיגונג. זיי ווילן בלייבן די גערעכטע, די קלוגע, די געווינער אין אַ ווערטער־געפעכט מיט אַ צווייטן.

און אַזוי ווי אין אַנדערע פאַלן פון גייסטיגע פע־לערן, אַזוי אויך אין דעמדאָזיגן פאַל זיינען זיי פאַר־בלענדעט אין זייער נאַרעשער אַמביציע, און מאַכן אַ גרויזאַמען טעות.

זיי ווילן בלייבן די גערעכטע, די קלוגע, די מער ווייסנדע, אָבער אין זייער פאַרבלענדעניש זעען זיי ניט איין אַז זייער אַמביציע גרייכט נאָר אַזוי ווייט ווי ביז צו זיך אַליין. ביי זיך אַליין קענען זיי זיך האַלטן פאַר די גרעסטע חכמים, די אַל־ווייסער און שטענדיג גערעכטע, אָבער ווייטער גייט עס ניט. ביי זייער גע־גען־צד מיט וועמען זיי קומען אין קאָנפליקט, ווערן זיי אָבער פאַררעכנט פאַר פונקט פאַרקערט ווי דאָס וואָס זיי שטרעבן צו גרייכן דורך זייער איינגעשפּאַרט־קייט. ניט נאָר פירן זיי קיינזאַך ניט אויס דורך זייער זינלאָזער עקשנות — ווייל דער גערעכטער צד מוז דאָך סוף־כל־סוף געווינען — נאָר זיי פאַרלירן נאָך דערצו דעם גוטן ווילן פון צווייטן, דעם צוטרוי און ערנסטע באַציאונג פון אַנדערע. אין פיל פאַלן ציען זיי אויף זיך אַרויף אַ האַס, אַ געגן־געפיל פון זייערע מיט־מענטשן, וואָס טוט זיי גרויס שאָדן.

האָט איר, פריינט לייענער, דעם פעלער פון איינ־געשפּאַרטקייט ?

אויב יאָ, וועט איר, ווי אַן איינגעשפּאַרטער, דאָך ניט וועלן דאָס צוגעבן סאַי ווי סאַי. איר וועט אַר־גומענטירן און זוכן צו באַווייזן אַז איר זייט גאָר, פאַר־קערט, אַ נאָכגעבער, אַ ווייכער מענטש, וואָס שטימט איין מיט יעדן איינעם אויב ער איז נאָר גערעכט, יושר־דיג און אמת׳דיג. אויב עס איז טאָקע אַזוי ווי איר באַהויפּטעט וועלן מיר אייך מאַכן אַ קאָמפּלימענט און זאָגן: „אַזוי וואויל איז צו אייך." אָבער — טאָמער פאַרקערט?

אויב פאַרקערט, און איר געהערט גאָר צווישן די איינגעשפּאַרטע, איז ניטאָ וואָס אייך מקנא צו זיין. איר מעגט דורכבלעטערן אין אייער זכרון צענדליגע פאַלן ווען איר האָט מיט אימיצן געהאַט אַ וויכוח, אַ דיספּיוט, אָדער אַ קאָנטראָווערזיע פון מיינונגען, אין אייער באַשעפטיגונג, פאַמיליע אָנגעלעגענהייטן, אָדער געזעלשאַפטליכע אינטערעסן, און איר וועט ניט גע־פינען קיין איינציגן פאַל וואו איר זייט אַרויסגעקומען דער געווינער — ס׳הייסט ניט דווקא ביי זיך אַליין, נאָר טאָקע אויךביים צווייטן צד — סאַידן איר זייט באמת גערעכט געווען און אייער שטעלונג איז געווען די ריכטיגע.

ביז איצט איז דאָ גערעדט געוואָרן וועגן איינ־געשפּאַרטקייט אין אַ געשפּרעך, אַ „ווערטער־קאַמף" פון מיינונגען איבער געוויסע ענינים. איצט וועלן מיר באַטראַכטן אַ סאָרט איינגעשפּאַרטקייט וואָס איז פיל ערנסטער און קען דעם איינגעשפּאַרטן מער שאָדן ברייגגען. דאָס איז איינגעשפּאַרטקייט ניט אין רייד

נאָר אין טאָט, אין מאַכן אָדער דורכפירן אַ געוויסע אַרבעט, שאַפונג, אָדער אַנדער אונטערנעמונג.

זאַכן וואָס קענען געטאָן ווערן אויף פאַרשידענע אופנים קענען אַרויסרופן פאַרשידענע מיינונגען ווי־אַזוי דאָס צו מאַכן. אויב איר זייט אַן עקשן און האָט אָנ־גענומען אַ באַשלוס ווי־אַזוי אַ געוויסע זאַך דאַרף גע־טאָן ווערן אָדער דורכגעפירט ווערן, און איר ווילט דורכאויס אויספירן דאָס אייעריגע און בלייבן דער גע־רעכטער אין דער צייט וואָס אַנדערע האָבן אייך אויפ־געוויזן און איבערצייגט אַז אייער מעטאָדע טויג ניט, זייט איר זיך אַליין אַ גרויסער שונא. אייער שטאָלץ פון איינגעשפּאַרטקייט וועט געבראָכן ווערן אַזוי שנעל ווי די זאַך וועט פאַרטיג ווערן און עס וועט זיך אַרויס־ווייזן, אַז עס האָט ניט געטויגט. דערצו נאָך וועט איר ליידן אַ דירעקטן שאָדן פון אַ קאַליע געמאַכטן אַרטיקל אָדער איבערגעפירטער אונטערנעמונג.

איז ווי זאָגט דאָס ווערטל: „האָט זיך עס אייך געלוינט?"

אויב איר זייט פון די פאַרהאַרטעוועטע איינגע־שפּאַרטע, אָבער איר זייט ווילּיג, אונטער דער אָנווייזונג פון „גייסטיגן שפּיגל", דאָס צוצוגעבן, איינזעענדיג דעם שאָדן וואָס דאָס ברענגט אייך, דאַן שטעלט זיך אונ־טער אייער אייגענער דיסציפּלין מיט דעם צוועק דאָס אויסצוראָטן פון אייער כאַראַקטער.

דאָרט וואו איר זייט איבערצייגט ביי זיך און מיינט ערנסט, אַז איר זייט גערעכט, אַז אייער מיינונג איז

די ריכטיגע, אייער האַנדלונג די פּאַסיגע, און אייער אַרבייט די נויטיגע, מעגט איר קעמפן פאַר אייער מיינונג אַפילו ווען איר מאַכט אַ טעות. פאַר אַן אומשולדיגן טעות קומט קיינעם קיין שמיץ ניט. אָבער אויב איר ווייסט ביי זיך אין האַרצן אַז איר זייט אומגערעכט, אַז די מיינונג, טעאָריע אָדער עצה פון צווייטן צד איז די ריכטיגע, דאַן זאָלט איר זיין ביי זיך גרויס גענוג דאָס צו־צוגעבן. יאָ, איר וועט דורך דעם גרויס און דערהויבן ווערן אין די אויגן פון אייער געגנער. דאָס וועט ווייזן אייער גרויסמוטיגקייט, געזונטן חוש פאַר דעם אמת, און נאָרמאַלן כאַראַקטער. איר וועט גלייך איינזען וויפיל איר געווינט דורך אַזאַ האַלטונג און וויפיל איר האָט שטענדיג פאַרלאָרן דורך אייער איינגעשפּאַרטקייט. די הייס בלוט און אויפרעגונג וואָס אייער איינגעשפּאַרטקייט האָט אָפט אַרויסגערופן, האָט אייך אויך קיין געזונט ניט צוגעגעבן.

טאָ נעמט זיך גלייך אין די הענט אַריין פאַר אייער אייגענעם וואוילזיין און מאַכט אייער איינגעשפּאַרטקייט פאַר אַ נאַרישער פאַרגאַנגענהייט.

זעקסטער קאַפּיטל

# אומפאַראַנטוואָרטליכקייט

די געזעלשאַפט אין וועלכער מיר לעבן איז צוזאַמענגעשטעלט ווי אַ קייט. יעדער יחיד אין דער געזעלשאַפט איז אַ רינגעלע אין דער דאָזיגער קייט. אַ קייט, זאָגט מען, איז אַזוי שטאַרק ווי איר שוואַכסט רינגעלע, ווייל אויב די קייט וועט זיך רייסן וועט עס פּאַסירן נאָר דורך דער שוואַכקייט פון אָט־דעם רינגעלע.

דערפאַר ווייסן מיר אַז, אַזוי ווי מיר זיינען מאָ־ראַליש פאַרבונדן אין דער געזעלשאַפטליכער קייט, ליגט אויף יעדן איינעם פון אונז אַ געוויסע מאָראַלישע פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר דער גאַנצקייט פון דער קייט, פונקט ווי עס איז דער פאַל אין יעדער קייט וועלכע קען זיך צוררייסן דורך איין רינגעלע, וואָס איז ניט שטאַרק גענוג...

דידאָזיגע פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַנגט זיך אָן פון יחיד צום יחיד און פאַרשפּרייט זיך אומדירעקט צום גאַנצן כלל אין וועלכן מיר לעבן. דערפאַר איז פאַר־אַנטוואָרטליכקייט צו די מענטשן מיט וועלכע מיר קומען אין דירעקטער פאַרבינדונג אַ פונדאַמענטאַלער פּרינציפּ, וואָס שפּילט אַ גרויסע ראָליע און מוז מיט גרויס פאָרזיכטיגקייט אָפּגעהיט ווערן.

פאַראַן אָבער לייכטזיניגע און גלייכגילטיגע מענטשן

ביי ווען פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט עקזיסטירט ניט אין זייער געוויסן, אָדער איז אַזוי שוואַך אַז זי האָט ניט קיין ווירקונג אויף די באַציאונגען מיט זייערע מיט־מענטשן. אַזאַ צושטאַנד איז איינער פֿון ערנסטע גייס־טיגע פֿעלערן, וועלכע קענען ברענגען שאָדן און פֿאַרוויסטונג ניט נאָר צו דעם „חולה״ אַליין נאָר צו דער גאַנצער געזעלשאַפֿטלעכער קייט אין וועלכער ער איז אַ רינגעלע.

אומפֿאַראַנטוואָרטלעכקייט קען זיך אויסדריקן אין פֿאַרשידענע אופֿנים, סײַ אין אַלטעגלעכע פּריוואַטע באַציאונגען צווישן מענטשן און סײַ אין גרעסערע און ערנסטערע ענינים, וועלכע באַרירן דעם גאַנצן כּלל.

דער מענטש, ווען עס פֿעלט דער געפֿיל פֿון פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט, וועט מאַכן מיט אייך אַ באַ־שטעלונג צו טרעפֿן זיך אין אַ געוויסער צייט פֿאַר אַ וויכטיקן ענין, און וועט אייך אַנטוישן. ער וועט קומען שפּעט אָדער אינגאַנצן ניט קומען — תּירוצים צו פֿאַרענטפֿערן זיך קען מען געפֿינען אין די הונ־דערטער.

דער אומפֿאַראַנטוואָרטלעכער וועט אייך צוזאָגן עפּעס צו טאָן פֿאַר אייך. דאָס מעג זיין אַן ענין וואָס גייט אייך אין לעבן, אָבער ער נעמט עס לייכט־זיניק, פֿוילט זיך די זאַך צו דערליידיקן, אָדער פֿאַר־געסט אינגאַנצן וועגן דעם.

דער אומפֿאַראַנטוואָרטלעכער וועט זיך פֿאַרבינדן

מיט אייך אין אַ געוויסן קאָנטראַקט און ניט דורכ־פירן דאָס, וואָס ער האָט זיך אונטערגענומען, אָדער וועט איינגאַנצן חרטה האָבן.

אַזאַ מענטש וועט קיינמאָל ניט צאָלן קיין חוב ווי געהעריג איז, ניט האַלטן קיין צוזאָג, און ניט דער־פילן קיין פליכט וואָס ער האָט גענומען אויף זיך.

אין ברייטערן זין, ווי פאַראַנטוואָרטליכקייט צו דער געזעלשאַפט, קען דער אומפאַראַנטוואָרטליכער אַמאָל זיין אַ געפאַר. ער טרייבט אַן אָטאָמאָביל און היט ניט אָפּ די רעגולאַציעס פון פאַרקער, וואָס קען מענטשן פאַראומגליקן. ער וואַרפט אַוועק אַ ברענענ־דיגן פאַפּיראָס אויף אַ פּלאַץ וואָס קען זיך אָנצינדן און פאַראורזאַכן אַ פייער קאַטאַסטראָפע. ער פאַרקויפט פאַרעלטערטע אָדער געבראַנדמאַרקטע שלעכטע שפּייז וואָס איז אומגעזונט צו עסן און מענטשן ווערן קראַנק דערפון, און נאָך אַזעלכע אומפאַראַנטוואָרטליכע טאַטן, וואָס קענען פאַראורזאַכן גרויס שאָדן אָדער געפאַר צו דער געזעלשאַפט.

אומפאַראַנטוואָרטליכקייט איז דערפאַר אַ גייסטי־גער פעלער, וואָס קען זיך אָנהויבן פון קליינינקייטן און גרייכן זייער ווייט. אויב איר זייט געשטראָפט מיט אַט־דער „שוואַכקייט" און קיינמאָל דאָס ניט גע־נומען ערנסט, מוזט איר זיך אין דעם אַריינטראַכטן און אויסרעכענען וויפיל דאָס טוט שאָדן כאָטש אייך אַליין, שוין ניט ריידנדיג פון דעם וואָס אַנדערע ליידן דורך אייך.

דערמאַנט זיך נאָר ווי איר פילט ווען איר רעדט אָפּ מיט אימיצן צו טרעפן זיך אין אַ געוויסער צייט און יענער קומט ניט; אָדער ווען אימיצער פאַר־שפּרעכט אייך צו טאָן אַ געוויסע טובה און האַלט ניט קיין וואָרט; אָדער ווען אימיצער איז אייך שול־דיג געלט און באַצאָלט ניט; אָדער טוט אייך שאָדן דורך זיין אומפאַראַנטוואָרטליכקייט אויף אַן אַנדער וועג און איר ליידט דערפון. איר פאַרליט דאָך דאַן אייער צוטרוי צו אים און ווערט אים אינגאַנצן אַ שונא.

פונקט אַזוי — זאָלט איר וויסן זיין — פילט מען צו אייך, אויב איר זייט אומפאַראַנטוואָרטליך צו איי־ערע מיטמענטשן, כאָטש איר פילט עס ניט און אפשר קימערט עס אייך ניט.

אָבער ווי גוט און וואויל איז צו אייך ווען איר זייט באַוואוסט אַלס אַ פאַראַנטוואָרטליכע פערזאָן; ווען מענטשן ווייסן, אַז אייער וואָרט איז אַ וואָרט, אייער פאַרשפּרעכן — געזיכערט, אייער האַנדלונג — פאַראַנט־וואָרטליך; ווען מענטשן האָבן פולן צוטרוי צו אייך און ווייסן, אַז זיי קענען זיך רואיג פאַרלאָזן אויף אייך!

אויב איר זייט ניט געבענטשט מיט אַזאַ רעפּו־טאַציע צוליב אומפאַראַנטוואָרטליכקייט, קענט איר זיך דאָס דערוועררבן דורך אַ שטאַרקן ווילן דערצו און פאַר־אַנטוואָרטליכקייט כאָטש צו זיך אַליין... ניט מיט־אַמאָל נאָר ביסלעכווייז קענט איר קומען צו דער מדרגה. פאַנגט אָן אייער קורס פון פראַקטיק מיט די סאַמע קלענסטע פאַסירונגען אין אייערע טאָג־טעג־

ליכע האַנדלונגען מיט מענטשן, און געדענקט: פאַר־אַנטוואָרטליכקייט אין וואָרט, פאַראַנטוואָרטליכקייט אין טאַט, פאַראַנטוואָרטליכקייט אויף יעדן געביט וואו נאָר פאַראַנטוואָרטליכקייט איז נויטיג — און איר וועט ווערן אַ בכבוד'ער מענטש מיט אַכטונג און רעספּעקט אין דער געזעלשאַפט.

זיבעטער קאַפּיטל

# לשון־הרע, רכילות

**אַז מען** וויל אימיצן שלעכטס טאָן, קען מען דאָס אויף פאַרשידענע אופנים. יעדער איינער קען די קונץ און מען דאַרף קיינעם ניט אָנווייזן וואָס ער קען טאָן צו שעדיגן אַ שונא קערפּערליך, גייסטיג, אָדער מאָראַליש. אויב אימיצער איז ניט קיין גרויסער בריה אויף דעם געביט, דאַרף ער זיך דאָס ניט נעמען צום האַרצן און קען זיך אויסלעבן זיינע יאָרן אָן דער דאָזיגער גרויסער „תורה״, כאָטש מיר זעען, אַז מיליאָנען מענטשן אויף דער וועלט ווערן דווקא יאָ געלערנט ווי צו שעדיגן אַ שונא — מיליטעריש...

עס זיינען אָבער פאַראַן מענטשן וועלכע האָבן אַ געוווינהייט צו שעדיגן אַ צווייטן, מעג ער זיין ניט דווקא אַ שונא. אַזעלכע מענטשן האָבן אַ געוויסע סאַדיסטישע הנאה דערפון, כאָטש זיי האָבן גאָרנישט קעגן זייער קרבן.

דאָס איז די לייכטזיניגע, אומפאַרגעבליבע געוווינהייט פון ריידן וועגן אימיצן „אונטער די אויגן״ און אים באַריידן דורך לשון־הרע, אָדער טרייבן וועגן אים אַ געוויסע רכילות. אַזאַ געוווינהייט איז אַ מיאוס'ער פלעק אויף דעם כאַראַקטער, אַ „שוואַכקייט״ וואָס געהערט צו די גייסטיגע פעלערן וועלכע ווערן דאָ באַהאַנדלט.

אויב איר האָט אָט־די מיאוס׳ע געוווינהייט, וואָס ווערט באַטיטלט מיט דעם נאָמען „אַ לויזע מויל״, איז ניט נויטיג אייך דאָ אָנצו־ווייזן וואָס פאַר אַ שאָדן און שלעכטס איר טוט יענעם דורך דעם. איר ווייסט דאָך גאַנץ גוט ווי איר פילט ווען אימיצער באַרעדט אייך, דערציילט פון אייך שלעכטע און מיאוס׳ע זאַכן, קיין אונטערשייד צי זיי זיינען אמת אָדער ניט. נאָך ערגער איז ווען אימיצער טרייבט קעגן אייך אַ רכילות אין וועלכער אַנדערע פערזאָנען ווערן אַריינגעשלעפט און קען פיל צרות פאַרשאַפן צו אומשולדיגע מענטשן.

אַזאַ גייסטיגער פעלער גיט אייך אפשר אַ ביסל מאָמענטאַלע באַפרידיגונג ווען איר געברויכט אים, ווייל עס דאַכט זיך אייך אַז דורך דעם וואָס איר מאַכט יענעם קלענער און היינגט־אָן שלעכטע זאַכן אויף אים דורך אייער לשון־הרע ווערט איר דורך דעם געגרויסט און דערהויבן, אָדער עס איז פשוט אַ סאַדיסטישע הנאה פון ווי צו טאָן אימיצן. דער אמת איז אָבער אַז דאָס איז אַ שטעקן מיט צוויי עקן. ווען איר באַרעדט אימיצן און האָט דערפון אַ טריפה׳נע הנאה, ווייסט איר אָבער ניט פון דעם שאָדן וואָס אייער לשון־הרע טוט צו אייך אַליין.

ערשטנס איז אַ פראַגע אויב יענער גלויבט אייך אַזעלכע זאַכן. אַ פאַרשטענדיגער מענטש וועט פאַרשטיין, אַז ווען איר רעדט שלעכטס וועגן אַן אַנדערן איז עס מסתמא מחמת פערזענליכער שנאה אָדער קנאה. דער צווייפל אין אייערע רייד וועגן אַ צווייטן מאַכט

שוין אַליין אַ שלעכטע ווירקונג אויף דעם צוטרוי צו אייך און שאַפֿט ביים צוהערער אַ ווידערגעפֿיל קעגן אייך.

צווייטנס וועט דער צוהערער אַ טראַכט טאָן, אַז ווײַבאַלד איר האָט אַ געוויינהייט מענטשן צו באַריידן, וועט איר ביי אַן אַנדער געלעגנהייט מסתמא אים אַליין אויך באַריידן. אַ „לויזן מויל“ איז ניט אָפּצושאַצן...

דריטנס וועט אייער לשון־הרע פֿריער אָדער שפּע־טער גרייכן די אויערן פֿון אייער „פֿריינט“ וועמען איר באַרעדט. אויב איר דיינקט, אַז דער, צו וועמען אייער לשון־הרע אָדער רכילות איז געווענדט וועט דאָס האַלטן אַ סוד, מאַכט איר אַ ביטערן טעות. אַפֿילו ווען איר פֿאַרטרויט זיך אַן אים און בעט אים דאָס צו האַלטן בסודי־סודות, זייט איר ניט זיכער אַז ער וועט דאָס אייך פֿאָלגן — אַזוי איז שוין דער שטייגער פֿון „סודות“. אין ניין פֿאַלן פֿון צען וועט דער באַרעדטער אָדער אינטריגירטער זיך דערוויסן דער־פֿון, און אייער לאַנגער צונג, זייט מוחל, וועט קיין האָניג ניט לעקן...

פֿון דעם אַלעם איז געדרונגען, אַז אויב דער מאָ־ראַלישער געוויסן האָט אויף אייך קיין ווירקונג אין דעמדאָזיגן ענין, דאַרף אָבער דער לאָגיש־פּראַקטישער חשבון אייך צוריקהאַלטן פֿון באַגיין די גרויסע זינד קעגן אַ פֿריינט אָדער באַקאַנטן, דורך באַריידן אים אָדער רכילות טרייבן קעגן אים. איר זעט דאָ פֿון די אָנגעוויזענע, אַז דער דאָזיגער „פֿאַרגעניגן“ קאָסט

אײך צו טײער אַפֿילו װען דאָס זאָל ניט פֿירן צו ערנסטע רעזולטאַטן.

די ערנסטע רעזולטאַטן קענען קומען דורך פֿאַר־שידענע װעגן. דער געקריװדעטער קען אײך קלאָגן אין געריכט פֿאַר אױסטראַכטן אױף אים אַ שם־רע, פֿאַר שעדיקן זײַן רעפּוטאַציע א.אַז.װ. עס איז אױך ניט אױסגעשלאָסן די מעגלעכקײט אַז דאָס זאָל פֿירן צו אַ ביטערן קאַמף, קריגערײ, געשלעג, אָדער נאָך ערגער.

אױב איר האָט דעם פֿעלער פֿון ברײנגען לשון־הרע אָדער רכילות אױף אײער געװיסן און ליפּן, און האָט דאָס ביז איצט גענומען לײַכטזיניג, מוזט איר זיך אַ נעם טאָן דאָס אױסצו־װאָרצלען כאָטש פֿאַר אײער אײגענעם גײסטיגן (און אפֿשר אױך קערפּער־ליכן) געזונט־צושטאַנד און פֿאַר אײער אײגענעם אַל־געמײנעם װאױלזײַן — אױב די לאַגע פֿון צװײטן צד קימערט אײך ניט. עס קען דאָך אױך פּאַסירן, אַז איר אַלײן זײַט דאָס „דער צװײטער צד“ — דער קרבן פֿון אימיצנס אַן אינטריגע — װײסט איר דאָך װי מען פֿילט און װאָס עס קען דערפֿון אַרױסקומען.

אַזױ װי אין די מערסטע פֿאַלן פֿון גײסטיגע פּע־לערן װעלכע װערן דאָ באַהאַנדלט, אַזױ אױך אין דעם איצטיגן פֿאַל קענט איר זיך באַפֿרײַען פֿון דעם שעד־ליכן פֿעלער, דורך מאַכן דעם אָנהױב פֿון קלײניג־קײטן. דאָ איז דאָך ניט דער פֿאַל פֿון עפּעס טאָן, אָדער אַ זאַך װאָס דאַרף געשאַפֿן װערן און פֿאָדערט געהעריגע פּראַקטיצירונג. דאָ איז דאָך אַ פֿאַל פֿון אַ

נעגאַטיוון כאַראַקטער, פון ניט טאָן — ניט באַריידן אָדער טרייבן קיין רכילות קעגן אַנדערע מענטשן — און דאָס איז דאָך שוין פיל לייכטער צו דערגרייכן ווי עפּעס צו שאַפן.

די קליי‌ניגקייטן, די לייכטזיניגע פּלוידעריי וועגן אַ צווייטן, זיינען, פאַרשטייט זיך, ניט אַזוי שעדליך און קענען לייכט אויסגעמיידט ווערן. אָבער ווען איר וועט אָנפאַנגען מיט גרויס פאַרזיכטיגקייט און ערנסטן גוטן ווילן אויסצומיידן די קליי‌ניגקייטן, וועט איר גאַנץ לייכט קענען באַזיגן אין זיך אויך די גרעסערע און מער ערנסטע אַקטן פון לשון־הרע און רכילות. אָנפאַנגענדיג מיט קלייניגקייטן, ווי אויסהיטן זיך צו מאַכן אַ שלעכטע און אומבאַרעכטיגטע באַמערקונג וועגן אימיצן; ניט דערמאָנען אימיצנס נאָמען צום שלעכטן, אויב ער האָט דאָס ניט פאַרדינט, און נאָך אַזעלכע קלייניגקייטן, וועט דאָס אייך פירן צו אייער ווירדיגן באַשלוס ניט צו געברויכן אייער צונג פאַר זאַכן וואָס קענען שעדיגן און פאַרשאַפן צרות צו אומ־שולדיגע מענטשן, און טאַקע צו זיך אַליין, אין מער ערנסטע פאַלן.

אין דעם זין איז גוט צו געדיינקען דעם ביבלישן און אייביג אמת'ן כלל: „דער וואָס היט זיין מויל און צונג דער פאַרהיט זיך פון צרות אין זיין לעבן.״ נעמט עס אַריין גוט אין זינען און איר וועט מצליח זיין.

## אַכטער קאַפּיטל

# גרויסהאַלטעריי

**די נאַטור** האָט אין יעדער לעבעדיגער באַשעפעניש אַריינגעגעבן דעם אינסטינקט פון זעלבסט־באַשיצונג. אונטער אַלע אומשטענדן און ביי יעדער געלעגנהייט ווערט געטאָן דאָס, וואָס דער מענטש אָדער אַנדער באַשעפעניש געפינט פאַר נויטיג צום אייגענעם וואוילזיין און צופרידנהייט, יעדערער אויף זיין שטייגער.

דער מענטש, מיט זיין אַמביציע און גרויסע פאַרלאַנגען, פאָדערט אַוודאי און אַוודאי דאָס בעסטע און דאָס שענסטע פאַר זיך אַליין, איידער ער טראַכט פון דעם צווייטן. פאַראַן אויך אַזעלכע, וועלכע קימערן זיך אינגאַנצן ניט וועגן אַנדערע און האָבן נאָר זיך אין זינען. דאָס איז שוין אַ פאַל פון עגאָאיזם, אייגנליבע, וואָס פאַרטונקלט און פאַרמיאוס׳ט דעם נאַטירליכן געפיל פון זעלבסט־שוץ, צו וואָס יעדער איינער איז באַרעכטיגט.

אַזאַ פאַל פון עגאָאיזם איז אילוסטרירט אין דעם פאָלגנדן וויץ:

אַ יונגערמאַן האָט זיך אונטערהאַלטן מיט אַ דאַמע אין אַ לאַנגן געשפּרעך. אָבער גערעדט האָט מערסטנס דער יונגערמאַן, און גערעדט האָט ער בלויז פון זיך אַליין. די דאַמע האָט זיך געפילט אומבאַקוועם און ענדליך אים אָפנהערציג אויפמערקזאַם געמאַכט

וואָס ער רעדט די גאַנצע צייט נאָר פון זיך אַליין און וועגן איר דערמאָנט ער אַפילו קיין וואָרט ניט.

— אָ, יאָ, אַנטשולדיגט — פאַרענטפערט זיך דער יונגערמאַן, — איר זייט גערעכט. נו, איצט וועל איך טאַקע ריידן פון אייך. אַלזאָ... ווי גלייכט איר — מיין נייעם אַנצוג?...

דער דראַנג פון די, וועלכע האָבן נאָר זיך אין זינען און איגנאָרירן די אַנדערע מענטשן אַרום זיי, גרייכט אָפט אַזוי ווייט ווי צו דער מדרגה פון סנאָ־ביזם, גרויסהאַלטעריי. אַזעלכע מענטשן יאָגן זיך נאָך זאַכן צו וועלכע זיי זיינען ניט באַרעכטיגט און וואָס קומט זיי גאָר ניט. אַזוי יאָגן זיי זיך אָפט נאָך אי־בערטריבענעם כבוד, אָנערקענונג, דאַנקבאַרקייט, וואָס זיי האָבן קיינמאָל ניט פאַרדינט. די, וועמעס טאַטן און אויפפירונג זיינען יאָ לויבנסווירדיג, דאַרפן זיך גאָרניט יאָגן נאָך זייער ביסעלע כבוד און אָנערקענונג, ווייל אַזעלכע מענטשן זוכן דאָס ניט, און דאָס וואָס זיי באַקומען אַן זוכעניש האַלטן זיי פאַר גענוג.

די גרויסהאַלטער, וועלכע יאָגן זיך נאָך ניט־פאַר־דינטן כבוד און אָנערקענונג און באַקומען דאָס ניט, שטעלן זיך אָבער ניט אָפּ ביי זייער אומגעלונגענער אַמביציע. אויב זיי באַקומען דאָס ניט פון זייערע מיטמענטשן אַזוי ווי זיי ווילט זיך, ציען זיי אַליין אַרויף אויף זיך אַזאַ אָנשטעל וואָס זאָל זיי מאַכן אויס־זען בכבוד׳יג און וויכטיג. דאָס טוען זיי אין זייער ריידן, האַנדלונג, אויפפירונג, און וואו נאָר זיי האָבן די געלעגנהייט. אַזוי שטעלן זיי זיך אַליין אַרויף אויף

אַ פּיעדעסטאַל און קוקן אויף אַלעמען פון אויבן אַראָפּ. זיי ריידן זיך איין, אַז זיי זיינען מענטשן פון אַ העכערן קלאַס וועמען עס פּאַסט ניט צו ריידן מיט אַבי-וועמען און האָבן צו טאָן מיט יעדן איינעם. אין זייערע קרייזן דערוואַרטן זיי רעספּעקט, אָפּשיי, חניפה, כבוד און שמייכלעריי. אָבער ווי פילן מענטשן צו זיי אין דער אמת'ן?

אין דער אמת'ן מאַכט מען חוזק פון אַזעלכע סנאָבס. דער עולם איז ניט קיין גולם, און מען קען דער וועלט ניט איינריידן אַז מען איז אַן אדם גדול, אין דער צייט ווען די נשמה איז אַ פּיצינקע, דער שכל באַשריינקט, און די האַלטונג אַ לעכערליכע. דער אמת גרויסער מענטש, וואָס באַזיצט אַ גרויסן גייסט, גרויסע פעהיגקייטן, אַ נאָבעלן כאַראַקטער און לויבנס-ווערטע פאַרדינסטן אין דער געזעלשאַפט, דער האַלט זיך גראַדע דעמאָקראַטיש, איינפאַך און באַשיידן. אַזעלכע מענטשן פאַרדינען דעם רעספּעקט, ליבע און אַכטונג פון זייערע מיטמענטשן, וואָס ווערט זיי אויף אַ נאַטירליכן אופן אַרויסגעוויזן, כאָטש זיי זוכן דאָס ניט. אַזעלכע מענטשן זיינען ווילקאָמען אומעטום, מען פילט גוט אין זייער געזעלשאַפט, און זיי אַליין האָבן אויך אַ הנאה פון זייער לעבן.

איצט לאָמיר זען, צו וועלכן פון די צוויי טיפּן געהערט איר, פריינט לייענער — צו דעם סימפּאַטיש באַשיידענעם אָדער (חלילה) צו דעם שטאָלצן גרויס-האַלטער?

אויב איר געהערט צו דעם לעצטן, ווער איר

דאָך מסתמא ניט וועלן צוגעבן, אַז אייער שטאָלץ איז אומבאַרעכטיגט, אַפילו ווען איר ווייסט ביי זיך אַז איר זייט מינדערוויכטיג. אין דעם פאַל וואָלט געווען ראַט־זאַם איר זאָלט זיך באַטראַכטן אין דעם „גייסטיגן שפּיגל" און זען ווי אייער גייסטיגער פּנים קוקט אויס, דאָס הייסט, ווי אַנדערע מענטשן זעען אייך. איר וועט דאַן זיכער חרטה האָבן אויף אייער אָנגעצויגענעם פּנים און קינסטליכער האַלטונג, וואָס מאַכט אייך לע־כערליך אין די אויגן פון מענטשן. ניט נאָר לעכער־ליך, נאָר מענטשן וויכן פון אייך און מיידן אייך אויס וואו נאָר מעגליך איז.

געוויס ווייסט איר ניט דערפון, ווייל אין אייער גייסטיגער פאַרבלענדעניש קענט איר ניט זען דעם גייסטיגן פעלער אייערן, פּונקט ווי אַלע אַנדערע וואָס זיינען גייסטיג פאַרבלענדט און זעען ניט זייערע גייס־טיגע פעלערן וואָס ווערן דאָ אַנאַליזירט און באַ־האַנדלט מיט דער הילף פון „גייסטיגן שפּיגל"...

אויב איר זעט אין אייער פאַרפירטע האַלטונג און ווילט אייער געקינסטלטע גרויסהאַלטעריי פאַר־וואַנדלען אין נאַטירליכער גרויסקייט, דאַן מוזט איר אָפּלאָזן אייערע אָנגעשפּאַנטע נערוון פון אייער איצ־טיגער גרויסהאַלטונג, וועלכע איז אַ רעזולטאַט פון אייער אייגענער איינבילדונג אָדער בלויז אַן אָנשטעל פאַר מענטשן. געדיינקט, אַז גרויסע מענטשן האַלטן זיך איינפאַך, באַשיידן, ריידן ניט פון זייער גרויסקייט, מישן זיך מיט פאַרשידענע מענטשן, פריינטלען זיך מיט אַלעמען (אַחוץ מיט גרויסהאַלטער...) און יאָגן

זיך ניט נאָך כבוד. דערביי איז גוט צו געדיינקען דעם תלמודישן ווערטל: „דער וואָס יאָגט זיך נאָך כבוד, פון דעם לויפט כבוד אַוועק."

ווען איר דערציט אין זיך אַזאַ האַלטונג ווי דאָ אָנגעוויזן, און פירט זיך אויף אַזוי אָנשטאָט דער אָנגעצויגענער גאווה און אומנאַטירליכער גרויסהאַלטעריי, וועט שוין דאָס אַליין אייך באַרעכטיגן צו כבוד און אָנערקענונג — און איר וועט עס באַקומען אויף אַ נאַטירליכן אופן, אַפילו אויב איר האָט ניט קיין אַנדערע פאַרדינסטן וואָס זאָלן אייך באַרעכטיגן דערצו. איר וועט דאַן איינזען דעם גרויסן טעות וואָס איר האָט געמאַכט אין דער פאַרגאַנגענהייט און איר וועט אויפבויען פאַר זיך אַ שענערן לעבן מיט בעסערע און וואַרימערע באַציאונגען פון אייערע מיטמענטשן. די באַפרידיגונג פאַר אַ גוטן טאַט ליגט אין דעם טאַט גופא — בפרט ווען דער טאַט איז פאַר זיך אַליין און ניט פאַר קיין אַנדערן...

נײַנטער קאַפּיטל

# פֿרײַנטשאַפֿט פֿאַרניכטונג

**פֿרײַנטשאַפֿט** איז דער צעמענט וואָס פֿאַראײניקט אַ מענטש מיט אַ מענטש. פֿרײַנטשאַפֿט ברײַנגט קאָאָפּעראַציע, האַרמאָניע, געגנזײַטיקע הילף, שותּפֿ׳עשע דערגרײכונגען, און אַלץ וואָס איז נײטיק פֿאַר דעם געמײנשאַפֿטליכן דערפֿאָלג. אָן אַלגעמײנער פֿרײַנטשאַפֿט וואָלטן מיר די הײַנטיקע ציוויליזאַציע ניט געהאַט. אין פּריוואַטן לעבן, ווי אין דער פֿאַמיליע גופֿא און אין געזעלשאַפֿטליכע קרײזן, איז פֿרײַנט־שאַפֿט דער פֿונדאַמענט פֿון אַלץ וואָס ווערט געשאַפֿן פֿאַר דעם וואוילזײַן פֿון דעם יחיד ווי פֿון דעם כּלל.

כּדי צו האָבן פֿרײַנטשאַפֿט מוז מען זיך שאַפֿן פֿרײַנט, און כּדי צו באַקומען פֿרײַנט מוז מען געבן פֿרײַנטשאַפֿט. דאָס איז אַ געגנזײַטיקע פּראָצעדורע וואָס פֿאָדערט ערנסטע באַציאונג, געטרײַשאַפֿט, גוטן ווילן, און אָפּטמאָל אויך מי און אָנשטרענגונג — אָבער עס לוינט זיך.

אײנער האָט אַמאָל געזאָגט: ס׳איז בעסער צו האָבן אײן פֿרײַנט אײדער צען שונאים; אַ צווייטער האָט געזאָגט: ס׳איז בעסער צו האָבן צען פֿרײַנט אײ־דער אײן שונא. זײ זײַנען בײדע גערעכט...

אָבער **מאַכן** פֿרײַנט און **אָנהאַלטן** פֿרײַנט זײַנען צוויי באַזונדערע זאַכן. פֿאַראַן מענטשן וואָס קענען מאַכן פֿרײַנט זײער לײַכט. זײ זײַנען אינטע־

רעסאַנט, פריינטליך, גוטמוטיג, און קענען צוציען מענטשן. איז דאָס אַלץ גאַנץ גוט און פיין. אָבער ווען עס קומט צו דער פראַגע פון אָנהאַלטן פריינט, אין דעם זיינען זיי שוין הינטערשטעליג. אין די מערסטע פאַלן פאַרלירן זיי אַ פריינט גאָר אומגעריכט און איבער גאָר אַ קלייניגקייט. זיי האָבן, למשל, אַ שטיקל „איבעררייד" מיט'ן פריינט איבער עפּעס וואָס קען זיין אַפילו אומוויכטיג. ענדיגט מען דעם גע־שפּרעך און מען גייט זיך פאַנאַנדער אַ ביסל אָנגע־שטויסן איינער אויפ'ן אַנדערן. נאָכדעם, אַז מען באַ־געגנט זיך ווידער, באַגריסט מען זיך ניט איינער דעם צווייטן; דאָס הייסט שוין אַן אָפענער ברוגז וואָס וואַקסט, אויב מען שטעלט עס ניט אָפּ באַצייטנס. אָט אַזוי ווערט מען אויס פריינט אומזיסט און אומנישט.

פריינטשאַפט ווערט אויך אָפט געבראָכן דורך אַן אומשולדיגער מיספאַרשטענדניש, וואָס קען זיך מאַכן זייער לייכט. אָנשטאָט זיך דורכצורעדן געלאַסן און קאַלטבלוטיג כדי צו קענען באַשטימען אויב דער פאַר־איבל וואָס מען האָט קעגן צווייטן איז טאַקע באַ־רעכטיגט, גיט מען אים ניט קיין געלעגנהייט די זאַך אויפצוקלערן — וואָס קען זיך גאָר אַמאָל אויסלאָזן אַפילו מיט אַ געלעכטער — נאָר מען פאַרדרייט דעם נאָז, און מען איז צוקריגט!

ווי נאַריש דאָס איז צו פאַרלירן אַ פריינט דורך אַזעלכע לייכטזיניגע האַנדלונגען!

פריינטשאַפט ווערט אָפט פאַרניכטעט אויך אויף אַנדערע אומבאַרעכטיגטע אופנים, ווי למשל, אַ רכי־

לות׳ל, אַ פליאַטקעלע, אַ מסירה׳לע, און נאָך אַזעלכע צונג־אַרבייט דורך וועלכע מיאוס׳ע, אומפאַראַנטוואָרט־ליכע צונגען־טרעגער צושטערן די פריינטשאַפט צווישן מענטשן.

מען קען אָנווייזן אויף נאָך אַ סיבה דורך וועל־כער מען פאַרלירט אַמאָל אַ פריינט: מען לייהט אים געלט... אַזאַ אויפפאַסונג פון פריינטשאַפט־פאַרלוסט איז גיכער אַ צינישע, דאָך ליגט אין דעם אַ שטיקל אמת. דער פריינט וועט מסתמא ניט איילן זיך דעם חוב אָפצוגעבן. ווען דער לייהער וועט אים דערמאָנען וועגן דעם וועט עס אים זיכער ניט שמעקן און ער וועט דערפילן אַ דערווידערונג קעגן זיין פריינט פאַר דער דערמאָנונג. דאָס קען פירן צו אַ ברוך פון פריינטשאַפט; און אויב דער חוב וועט איגנאָנצן פאַר־פאַלן ווערן, וועט די פריינטשאַפט פאַרוואַנדלט ווערן אין אמת׳ער שנאה און קריגעריי.

אָבער כאָטש עס פאַסירן, ליידער, אַזעלכע פאַלן, וועלן מיר דאָך קיינעם ניט ראַטן צו אַנטזאָגן אַ פריינט אַ שטיקל הלוואה אין וועלכער ער נויטיגט זיך. דער נאָבעלער טאַט פון אַרויסהעלפן אַ פריינט אין זיין נויט איז גרויס גענוג צו קענען אַמאָל זיך פאַרגינען אַ שטיקל פאַרלוסט דערביי. אין די פיל מערסטע פאַלן וועט אַזאַ חוב אָפּגעגעבן ווערן מיט דאַנק, און די פריינטשאַפט וועט דורך דעם נאָך מער פאַרשטאַרקט ווערן.

פאַרשטייט זיך, אַז עס זיינען אויך פאַראַן גענוג גאַנץ ערנסטע און באַרעכטיגטע אורזאַכן דורך וועלכע

פריינטשאַפט ווערט פאַרניכטעט. אַזעלכע זאַכן ווי שווינדל, גניבה, געשלעג, באַטרוג, רויבעריי, און נאָך אַזעלכע פאַרברעכנס וועלכע מענטשן באַגייען, זיינען געננוג אַנצוצינדן אַ האַס קעגן די פאַרברעכער און פאַרטיליגן יעדן שפור פון פריינטשאַפט וועלכע זיי האָבן געהאַט דירעקט פון זייערע נאָענטסטע און אינ־דירעקט פון באַקאַנטע בכלל.

אין אונזער פאַל, אָבער, באַהאַנדלען מיר אַזאַ סאָרט פריינטשאַפט־פאַרניכטונג וואָס קומט דורך אומ־באַרעכטיגטע אָבער אומוויכטיגע און נאַרעשע קליניג־קייטן, ווי פריער אָנגעוויזן. דאָס זיינען אַזעלכע קליי־ניגקייטן פאַר וועלכע איבערגעאיילטע מענטשן צאָלן אַזאַ הויכן פרייז ווי אויפגעבן אַ פריינט און פאַרלירן זיין פריינטשאַפט. אַזעלכע פאַלן זעען מיר זייער אָפט.

ווען איר רעדט מיט איינעם וואָס האָט אַזאַ נאַ־רעשקייט באַגאַנגען וועט איר באַלד אויסגעפינען אַז זיין איבערגעאיילטער שריט פאַרדריסט אים זייער שטאַרק און ער ליידט דערפון. סאַידן ער איז איינער פון די איינגעשפאַרטע, וואָס וועלן קיינזאַך ניט צו־געבן — דער טיפ וועלכער איז אין אַ פריערדיגן קאַ־פיטל באַהאַנדלט געוואָרן.

אַזוי ווי אין אַנדערע פאַלן פון גייסטיגע פעלערן אָדער כאַראַקטעריסטישע שוואַכקייטן וועלכע ווערן אין דער סעריע באַהאַנדלט, אַזוי אויך אין דעם פאַל פון פריינטשאַפט־פאַרניכטונג איז דער שולדיגער ניט דער איינציגער וואָס ליידט דערפון. עס איז דאָך אין דעם פאַל פאַראַן נאָך איינער וואָס ליידט פון דער פאַרלאַ־

רענער פריינטשאַפט — דער פּאַרשטויסענער פריינט גופא. יעדער איינער פון זיי, סאַי דער שולדיגער און סאַי דער קרבן, ליידט דעם פאַרלוסט פון אַ פריינט און פריינטשאַפט.

אויב איר, פריינט לייענער, האָט דורכגעמאַכט אַזעלכע דערפאַרונגען, זייענדיג דער, וועלכער האָט דער ערשטער „פּאַרדרייט דעם נאָז" אָנטרעפנדיג אַ פריינט מיט וועמען איר האָט זיך פאַרברוגז'ט, קומט אייך זיכער קיין קאָמפּלימענט ניט. והא ראיה, איר זעט אַליין איין אייער טאַקטישן פעלער און עס פאַר־דריסט אייך וואָס איר האָט פאַרשטויסן אַ פריינט אי־בער אַ נאַרעשקייט. כדי צו פאַרריכטן אייער פעלער מוזט איר זיך אַ נדר־טאָן אויסצופאָלגן דאָס פאָלגנדע:

קודם כל, אָננעמען אַ באַשלוס מער ניט צו מאַכן אַזאַ לייכטזיניגן שריט אין דער צוקונפט, סאַידן אייער פריינט איז באַגאַנגען קעגן אייך אַזאַ ערנסטן פאַר־ברעכן וואָס צושמעטערט אייער פריינטשאַפט אָטאָ־מאַטיש.

צווייטנס, שאַפן אַ געלעגנהייט צו טרעפן זיך (עס מעג הייסן „צופעליג") מיט אייער פאַרשטויסענעם פריינט און אָן צערעמאָניעס אָנפאַנגען ריידן מיט אים. דאָס קענט איר טאָן דורך אַן אויסגעטראַכטן תירוץ, אויב איר ווילט, וואָס זאָל שאַפן די לאָגישע פּאַ־דערונג פאַר דעם. איר קענט זיכער זיין, אַז אייער פריינט וועט זיך דערפרייען מיט דעם צופאַל און וועט אייך העלפן באַנייען אייער פריינטשאַפט, וואָס וועט אפשר ווערן נאָך שטאַרקער ווי פריער.

דריטנס, פון צייט צו צייט טאָן עפּעס כדי אָפּ־צופרישן און אויפהאַלטן פריינטשאַפט מיט אַלע אַנדערע וועלכע אינטערעסירן אייך. פריינטשאַפט מוז מען אָפט פלעגן און אָפּפרישן פונקט ווי אַ בלום, כדי עס זאָל ניט פאַרוויאַנעט ווערן.

געדענקט, אַז אויב איר ווילט אַ הנאה האָבן פון אײַער לעבן מוזט איר האָבן פריינט — און וואָס מער.

צענטער קאַפּיטל

# פאַרביטערטע נשמות

**אַ פאָלקס-מענטש** איז אַמאָל געקו־מען צו אַ פילאָזאָף און געבעטן ער זאָל אים דער־קלערן אין פשוט'ע ווערטער די באַדייטונג פון אַ פּע־סימיסט און אַן אָפּטימיסט. דער פילאָזאָף האָט אַ טראַכט געטאָן און דאָס אים דערקלערט מיט דעם פאָלגנדן ביישפּיל:

אַ מאַן האָט געהאַט אַ פלאַש שנאַפּס און אַ העלפט דערפון איז שוין געווען אויסגעטרונקען. אויב דער מאַן קוקט אויף דער האַלבער פלאַש וואָס איז שוין אויסגעטרונקען און ער באַדויערט וואָס אַ העלפט איז שוין אַוועק, איז ער אַ פּעסימיסט; און אויב ער קוקט אויף דער האַלבער פלאַש וואָס ער האָט נאָך צו טרינקען און פרייט זיך דערמיט, איז ער אַן אָפּ־טימיסט. עס ווענדט זיך, דעריבער, ווי איינער קוקט אויף אַ זאַך.

דאָס לעבן האָט אין זיך אי ליידן אי פריידן. עס איז שווער צו געפינען אַ מענטשן וואָס זאָל האָבן בלויז ליידן אַליין אָדער בלויז פריידן אַליין. יעדער מענטש האָט פאַרשידענע צייטן, לעבט דורך פאַר־שידענע אומשטענדן, און האָט גענוג אורזאַכן סײַ צו פרייען זיך און סײַ צו באַדויערן אין דעם לויף פון זיין לעבן. עס זיינען אָבער פאַראַן מענטשן וואָס זעען בלויז איין זייט פון לעבן — די ליידן אַליין — כאָטש,

ווי געזאָגט, דאָס לעבן האָט ביידע זייטן. די וואָס זעען בלויז די פריידן און איגנאָרירן די ליידן, די זיינען די גליקליכע אָפּטימיסטן, און די וואָס זעען בלויז די ליידן און אַנערקענען ניט פריידן, די זיינען די אומגליקליכע פעסימיסטן — אָט פונקט ווי אין דעם פאַל מיט דעם פלאַש שנאַפּס.

וועגן די גליקליכע אָפּטימיסטן האָבן מיר ניט וואָס צו זאָרגן. מיר קענען זיי בלויז מקנא־זיין און ווינטשן זיי אָנצוהאַלטן זייער גליקליכן אָפּטימיסטישן גייסט אַזוי לאַנג ווי זיי ווען לעבן. די אומגליקליכע פעסימיסטן קענען מיר אָבער באַדויערן און ווינטשן זיי זאָלן עפענען די אויגן צו דער ליכטיגער וועלט און זען אויך די צווייטע זייט פון לעבן. צו זיי, צו די פעסימיסטן, די פאַרביטערטע נשמות, ווידמענען מיר דאָ אַ ספּעציעלן קאַפּיטל אין דער סעריע פון גייס־טיגע פעלערן.

אַז פעסימיזם איז אַ גייסטיגער פעלער, וועגן דעם איז קיין פראַגע ניט. דאָס איז אַ קריינקליכע שטי־מונג וואָס באַהערשט דעם גייסט און אַנטאַגאָניזירט דעם כאַראַקטער. ווען דער פעלער וואָלט באַרירט בלויז דעם פעסימיסט אַליין, וואָלט דער ענין ניט געהערט אַהער און מיר וואָלטן מיט דעם ניט געהאַט צו טאָן, פונקט ווי מיר באַהאַנדלען ניט קיין אַנדערע גייסטיגע פעלערן ביי מענטשן, וועלכע באַרירן בלויז זיי אַליין און האָבן צו זייערע מיטמענטשן קיין שייכות ניט. פעסימיזם איז אָבער אַ צרה׳דיגער געפיל וואָס פאַרשפּרייט זיינע ביטערע שטימונגען און רעזולטאַטן

אויך צו אַנדערע מענטשן מיט וועמען דער פּעסימיסט קומט אין באַרירונג — און דאָס איז שוין אַן ענין וואָס געהערט צו דער סעריע און פאָדערט אונזער באַהאַנדלונג.

דער וואָס איז געשטראָפט מיט דער פּעסימיסטי־שער פּלאָג איז אומגליק פאַר זיך און אַן אָנשי־קעניש צו זיינע מיטמענטשן. ער זאָרגט וועגן זאַכן וואָס זיינען ניט געשטויגן און ניט געפלויגן; יעדע קליינינקייט מאַכט אים פאַרדרוס; ער איז שטענדיג פאַרביטערט און אָנגעשטויסן אויף אַלעמען. די געגנ־וואַרט איז ביי אים אַ פאַרכמאַרעטע און די צוקונפט אַ טונקעלע; ער גלויבט ניט קיינעם און געטרויט ניט זיך אַליין; ער האָט ניט קיין אַמביציעס און ווייס ניט פון קיין שטרעבונגען; ער איז פאַרביטערט, ציניש, און אָפטמאָל אומדערטרעגליך.

וואָלט איר וועלן האָבן אַזאַ איינעם אין אייער געזעלשאַפט? וואָלט איר וועלן מיט אים פאַרברייננגען אָדער זיך פאַרבינדן מיט אים אין וועלכער עס איז אונטערנעמונג?

אַזוי ווי איר זייט פאַראינטערעסירט אין אונזער „גייסטיגן שפּיגל” און ממילא אַ פריינט אונזערער, ווינטשן מיר אייך מיט אַזאַ איינעם ניט צו טרעפן זיך און בעסער באַהיט ווערן פון אַזאַ „פריינט”.

אָבער טאָמער . . . טאָמער זייט איר דאָס אַליין דער פאַרביטערטער פּעסימיסט וועלכן מיר ראָטן אויס־צומיידן? אויב אַזוי איז טאַקע שלעכט! אויב אַזוי,

ווייכן איך מענטשן אויס און ווילן מיט איך קיין מגע־ומשא ניט האָבן אָן אונזער עצה.

אויב איר זייט טאַקע איינער פון די פּעסימיס־טישע פאַרביטערטע נשמות, מעגט איר אויף זיך אַליין רחמנות האָבן. אָבער „רחמנות" מיינט דאָ ניט איר זאָלט זיך שטעלן זיפצן אויף אייער גורל. דאָס טוט איר מסתמא אָן אונזער עצה — ווי אַן אמת'ער פּע־סימיסט... דער רחמנות אויף זיך אין דעם פאַל דאַרף איך באַוועגן זיך אַליין אַרויסצושלעפּן פון אַט־דער קאָמפּליצירטער לאַגע וואָס פאַראומערט אייך אייער לעבן. איר מוזט אָנווענדן אַלע מיטלען זיך אַרויסצודרייען פון דעם פאַרכישופ'טן ראָד וואָס האָט פאַרכאַפּט אייער נשמה און שטערט אייך צו געניסן פון דעם וואָס דאָס לעבן פאַרמאָגט אין זיך.

איר קענט דאָס טאָן, אויב איר ווילט. איר קענט און מוזט דאָס טאָן, אויב איר ווילט ניט אָפּחושכ'ן אייערע יאָרן אין זאָרג, ביטערניש, פּיינטשאַפט און אומצופרידנהייט. דאָס ליגט אין אייערע אייגענע הענט. די מענטשן אַרום אייך, סאַי אייערע נאָענטסטע אין אייער אייגענער פאַמיליע און סאַי די אַנדערע מענטשן וואָס האָבן צו טאָן מיט אייך, וועלן אויך קענען „אָפּ־ציען דעם אָטעם" אין אייער געגנוואַרט, ווען איר וועט זיך באַפרייען פון דער פאַרכישופ'טער פּעסימיס־טישער פאַרביטערונג.

עפנט אייערע אויגן צו דער שיינער זייט פון לעבן. פרייט זיך מיט דער צווייטער „האַלבער פלאַש שנאַפּס", וואָס איך איז נאָך פאַרבליבן צו טרינקען

און געניסן, איידער צו ערגערן זיך און האָבן פאַר־דרוס וואָס די ערשטע „האַלבע פלאַש שנאַפּס״ איז שוין אויסגעטרונקען געוואָרן... און אַז איר וועט זוכן וועט איר געפינען אין אייער אייגענעם לעבן גענוג זאַכן וואָס קענען אייך ברייננגען טרייסט און דערמו־טיגונג. אַז איר וועט זיך אַרומקוקן וועט איר גע־פינען גענוג מענטשן וואָס קענען אייך מקנא־זיין.

אורטיילט יעדן מענטשן צום גוטן, אויב איר ווייסט ניט קיין שלעכטס וועגן אים, און האָט צוטרוי צו זיך און צו אַנדערע. טראַכט ניט און רעדט ניט פון אַנטוישונגען, פאַרלוסטן, דורכפאַלן און צרות. טוט אייער בעסטעס אונטער אַלע אומשטענדן, אָבער נעמט זיך ניט צום האַרצן איבער דאָס, וואָס אייך איז ניט געלונגען און האָט ניט געקענט דערגרייכן, אָדער איבער דאָס וואָס איר האָט פאַרלאָרן. „וויינט ניט איבער דער פאַרגאָסענער מילך,״ זאָגט אַן ענגליש ווערטל — דאָס וויינען וועט די פאַרגאָסענע מילך ניט ברייננגען צוריק צו דער גלאָז אַריין. ווייזט אַ פרייע מינע צווישן מענטשן, זשאַלעוועט ניט קיין שמייכל — און אייער לעבן וועט אויפלויכטן מיט די ליכטיגע שטראַלן וואָס דאָס לעבן האָט פאַר אַלעמען — און פאַר אייך אויך.

# נאָכוואָרט

עס ווילט זיך האָפן, אַז ווען דער לייענער קומט צו דעם „נאָכוואָרט” האָט ער שוין איינגעזאַפּט אין זיך דאָס, וואָס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן וועגן די גייסטיגע פעלערן וועלכע שטערן מענטשן באַליבט צו זיין אין געזעלשאַפט.

עס ווילט זיך אויך האָפן, אַז די מערסטע לייענער זיינען געענוג ראַפינירט אין זייער כאַראַקטער, האַלטונג און מאַניערן, אַזוי אַז זיי נויטיגן זיך ניט אין אַזאַ גייסטיגער רעוויזיע ווי עס ווערט דאָ דורכגעפירט. דאָך גלויב איך, אַז אויב זיי אַליין „נויטיגן זיך ניט” אין אַזעלכע גייסטיגע אָפּעראַציעס, ווי זיי וועלן דאָס אפשר „צוגעבן”, וועלן זיי געוויס געפינען צווישן זייערע פריינט אַזעלכע, פאַר וועמען דאָס ביכעלע וואָלט זיין פשוט אַ ישועה — און וואָס טוט מען ניט פאַר אַ פריינט?

טאָ לאָמיר האָפן, אַז דאָס ביכעלע „זייט איר באַליבט צווישן מענטשן?” וועט גרייכן די אויערן פון דער ציוויליזירטער מענטשהייט דורך די פיל שפּראַכן אין וועלכע עס וועט דערשיינען, און ביי־טראָגן זיין חלק צו דער כאַראַקטעריסטישער פאַר־פיינערונג פון דעם מענטשליכן מין.

לאַזאַרוס מאַנפריד

# „פריילעכקייטן"

## פערל פון הומאָר און סאַטירע

— פון —

# לאַזאַרוס מאַנפריד

דאָס באַרימטע בוך אַנטהאַלט אַן אוצר פון טשיקאַווע אַנעקדאָטן, שאַרפע וויצן, און שפּאַסיגע רעטענישן. דער מאַטעריאַל פון דעם זעלטענעם בוך ווערט געברויכט פון שוישפּילער, אונטערהאַלטער, רעדנער, טאָסט־מייסטערס, און סתם ליבהאָבער פון ראַפינירטן הומאָר פאַר פּריוואַטער געזעלשאַפט. דאָקטוירים זאָגן, אַז הומאָר איז דער בעסטער רעצעפּט פאַר יעדן מענטשן. טאָ זאָל דאָס בוך „פריילעכקייטן" אַריינברענגען פריילעכקייט און געזונט אין יעדער אידישער היים.

פּאָפּולאַרער פּרייז:

**שיין געבונדן — $1.50**

**פיין בראָשירט — 90ס.**

דורך פּאָסט (אייער נאָמען און אַדרעס קלאָר געשריבן) 10 סענט עקסטרא

צו באַקומען אין אַלע בוכהאַנדלונגען און ביי די פאַרלעגער:

BOOKFOLK PUBLISHING CO.
112 East 19th Street
New York 3, N. Y.